Goldfaden, Abraham.
Dos tsehnte gebot "Lo tahmod": kommishe oppereta (tsoybermerkhen) Krako, [1898].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1873.12

**Goldfaden, Abraham, 1840-1908.**
Dos tsehnte gebot "Lo tahmod" : kommishe oppereta (tsoybermerkhen) in 5 akten, 10 fervandlungen un 28 bildern.
Krako: Bi-defus Y. Fisher, 657 [1898].
76 p.; 23 cm.

1. Operas--Librettos. 2. Yiddish drama.—lcsh
I. Poland-Cracow

ID: NXYH00-B2825 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106058

Reduction ratio X 10.0

## א. גאלדפֿאדענ'ס

# טהעאטערשטיקע.

# לֹא תַחְמֹד



קראקא, תרנ"ח.

דרוק אונד פֿערלאג פֿאן יוסף פישער גראָדגאססע נו' 62.

# דאס

# צעהנטע געבאט

## „לא תחמד“

קאממישע אפפערעטא (צויבערמערכען) אין 5 אקטען 10 פערוואנדלונגע
אין 28 בילדערן ארגינאל פערפאסט

פאן

## אברהם גאלדפאדען.

(מוזיק, דעקאראציאנען, קאסטיומע ארראנזשירט פאם פערפאססער).

צום ערשטען מאל אויפגעפיהרט אויף דער ביהנע, אונטער דער פערזענליכען
לייטונג דעס אויטארס, אין נויאָרק (אמעריקא 1887), צום צווייטען מאל
אויפגעפיהרט, אונטער דער פערזענליכען-לייטונג אונ פערבעססערט מיט
פיעלע ליעדער, אין לעמבערג 1891.

---

קראקא תרנ״ז
בדפוסו של יוסף פישער (גראדגאססע נו׳ 62).

Musin
Pincu
Dvora
Paulina

## פערזאָנען:

פרץ — א יונגער געטריידע קויפמאן פון נעמעראָוו — (חסידיש געקליידט).

פרומע — זיין ווייב — אלטמאָדיש געקליידט מיט א שטערענטיכעל, אבריזטעך און א פארטעך.

פריידעל — פרצעס משרת (דער יצר טוב).

לודוויג — פרץ'ס קאָממיססיאָנער אין בערלין — פון א יאָהר 32, אריסטאָקראט.

מאטילדא — זיינע פרוי — סאלאָנען־דאמע 26 יאהר אלט.

קלעמענטינא — זייער שטובמעדכען.

אחיתפל — דער יצר־הרע (אין רויטען געקליידעט).

דער דאקטאָר.

מיכאלקע — פויעלעשער עקאָנאָם (מאַסקע).

קאדיניע — (מאסקע).

דער ארץ ישראל־יוד.

דאס איינגעקעל.

זיין גבאי (א טויבער).

שפרינצע דיא גענעראלשטשע — (א דיקע יודענע פון א יאָהר 50).

דער גהינם־שמש.

ענגלען, געסט, טיראָללער זעננער, ציגיינער, כישופמאכערן, אראבער, טירקען, ארץ ישראל יודען, מאסקעס, א פאפאגאי, א דאממען־היטכען, א שלאנג, ווייבער, חסידים, פאָלק, טייפלען, סקעלעטען, נשמות, גלגולים.

---



KRAKAU.
Druck und Verlag von Josef Fischer 1898.

# בילדער:

## 1 אקט

1 בילד: דאס ענגעל קאהר אין הימעל.
2 „ דיא וועטטע פונים יצר טוב מיט דעם יצר הרע.

1 פערוואנדלונג:

3 „ דער אומגעבעטענער פארשוין אין קרעטשמע.
4 „ זיך פארקויפט צום רוח!
5 „ „השיבנו נאַאַד!“

2 פערוואנדלונג:

6 „ דיא טיראללער זענגער.
7 „ דער יצר הרע קיטצעלט.
8 „ דעם שכן׳ס הויז ברענט!

## 2 אקט

9 בילד: דיא 2 ציגיינער.

3 פערוואנדלונג:

10 „ דיא צויבערבלוממען.
11 „ דיא זנאחארקע.

4 פערוואנדלונג:

12 „ דער קבר פונים בעל מופת.
13 „ דיא שלאנג אופין בוים.
14 „ איאהר צייט בייא ר׳ שמעון בן יחיא׳ס קבר.

## 3 אקט

15 בילד: קלעמעניש! אדער דאס דאממענהינטכען און דער פאפאגאי.
16 „ נור דאס קליינע פינטעלע.
17 „ דאס שאמפאניער ליעד.

5 פערוואנדלונג:

18 „ דער מאסקענבאלל.
19 „ „זיא איז פערניפטעט!“

## 4 אקט

20 בילד: דער „שמעק - טאבאק - טאנץ!“—

6 פערוואנדלונג:

21 „ דיא גרויסע שיהל,

7 פערוואנדלונג:

22 בילד: „זיא הלישט!“

## 5 אקט

23 בילד: דער גיהנם שמש.
24 „ דיא גלגולים.
25 „ דער טייפעל טאנץ; אדער, דער שטן אין גיהנם.

8 פערוואנדלונג:

26 בילד: דער דייטש מיטען חסיד.

9 פערוואנדלונג:

27 „ דער גן-עדן.

10 פערוואנדלונג:

28 בילד: „לא תחמד!“

---

# I. אקט (פראלאג.

---

1 בילד (וועהרענד דער פארהאנג געהט אויף — זעהט מען דעם צווייטען פארהאנג, וואס שטעללט פאר איין הימעל מיט וואלקען, מען הערט פון אונטער דעם פארהאנג ארגעלטאנע — ענגלען זינגען אין קאהר):

סופרענע:
יאה! נאר צום גוטען יאה! — bis
ריידען מיר דעם מענשען צו

אלטען:
נאר צום גוטען יאה — bis
ריידען מיר דעם מענשען צו.

(דאננער אונד בליטץ! — פון דער ערד מיט פייערפלאממע ערשיינט אחיתופל אין גאנצען רויט געקליידעט — דיא גאנצע צייט מיט ארויט ליכט בעלייכטעט — אין דער האנד אלאנגען רויטען גאפעל).

אחיתופל — וואס איז פאר א שמחה? ווער באריהמט זיך דארט אזוי? —
(און דער אייבערשטער העלפט פון דעם הימעל-פארהאנג ווערט איינע אזוואלע עפפנונג דורך וועלכער קוקט ארויס ביז אין גירטעל איין ענגעל מיט א גאלדענעם שטעקען אין דער האנד אויף דעם שפיטץ א שטערן).

ענגעל — איך באריהם זיך — דער גוטער ענגעל — דער יצר טוב! —

אחיתופל — בעריהמען? — ווער קענן זיך צו מיינער קראפט גלייכען? —
איך הערש איבער דעם שטארקסטען מענשען — מיך פאלגט ער! —
איך בין דער יצר הרע (ענגעלן לאכען).

ענגעל — מיך פאלגט ער בעססער! איך רעד איהם אן צום גוטען! —

אחיתופל — א קונסטלער דעם מענשען איבערצוריידען בין איך! —

ענגעל — נאר אויף א קורצע צייט — צום סוף האט ער חרטה און פאלגט מיך!

אחיתופל — מיר וועללען זעהן! —

ענגעל — מיר וועללען זעהן — (אחיתופל ריהרט אן מיט דעם שפיטץ פון זיין גאפעל דעם שפיטץ שטערן, וואס דער ענגעל שטרעקט איהם אויס — און ווערט פערשווינדען מיט א פלאממע אין דער ערד אונטער דאננער און בליטץ — דיא עפפנונג אין הימעל-טאבלאה פארמאכט זיך).

## I פערוואנדלונג.

(דער הימעל-טאבלאה געהט ארויף — עס שטעללט פאר א וואלדיל-לינקס דער פאסאד פון א קרעטשמע — פון דער טהיר פון דער קרעטשמע לויפט ארויס).

פרץ — (א מאן פון איאהר 32 האלב דייטש, האלב חסידיש געקלייד — מיט אגרינער שאל אופין האלז — מיט ארייזעטאש ער לויפט ארום צוטראגען איבער דער ביהנע — בלייבט אללע מאל שטעהן פארטראכט גלייך וויא ער רעד מיט זיך אליין) איך בין עפים גאר וויא צודולט — איך פאהר אצונד פון דער גרויסער שטאט בערלין צוריק צו מיר אהיים קיין געמעראוו — מאכט זיך א סבה, אז דא פאר דער קרעטשמע האט זיך איין אקס צו בראכען און מוז דא געבטיגען — גוט וואס עס האט זיך געמאכט דיא סבה, האב איך טאקע צייט צו טראכטען, זיך צו איבערלייגען וואס מיט מיר איז געשעהן, (ער טראכט) דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען בין איך ארויסגעפארען אין דער וועלט — נאך מיין טאטינס טויט, האט זיך מיר געגלוסט אליין זיך דורך פאהרען צו אונזער קאמיסיאנער פון תבואה וואס ער וואנט אין דער גרויסער שטאט בארלין, (פויזע) אי איז דאס אשטאט! אי איז דאס א וועלט! אי איז דאס מענשען! אין מיין קליין שטעטיל געמעראוו קען מען אויסלעבען דיא יאהרען אין עושר און אין כבוד און מען זאל אזא וועלט ניט האבין געזעהען; איך בין גאר וויא צודולט. (פויזע) אז איך בין דאס ערשטע מאל אריינגעקוממען אין שטוב צו אונזער קאממיסיאנער לודוויג בין איך וויא עפים, וויא זאגט מען, באראשט געווארען... בייא איהם אין פארהייזעל איז שענער וויא ביי מיר אין שטוב — און היינט וויא ער גייט אנגעטוען — דווקא אהן א טלית קטן און קיינער מאכט ניט קיין שאלות — אללע טאג טהוט ער אן א נייעם העמד און וואַרט ניט אויף שבת.... ער זיצט שטענדיג אן א היטעל און קיינער שטראפט אים ניט, און פון מיין יארמאלקע לאכט מען... ער עסט אלסדינג וואס מען מעג און וואס מען מעג ניט און קיינער זאגט אים ניט. (פויזע) היינט זיין פלוניתטע, וויא רופט מען זיא, דיא מאדאמניצע, אי איז דאס א פלוניתטע! ער מאכט דאבייא איינע ליעבליך צופריעדענע לאכענדע מינע וויא זיא געהט מיט איהרע נאקעטע ב-ר-ר-ר-ר! (ער טהוט א ציטטער מיטן גאנצען קערפער ווערט ערנסט) ע אוועק יצר הרע! מען טאר ניט אזוי טראכטען! (פויזע — ווידער הייטער) און וויא זיא רעד אזוי בנעימות מיט איהר שען מאלכען — אי איז דאס א מיילכען! ב-ר-ר-ר-ר (ציטטערט און מאכט ווידער איין ערנסט בייז געזיכט) פע, מען טאר ניט אזוי זאגען — מען דארף זאגען: וויא זיא פלוידערט אזוי מיט איהר טרייפענים פיסקאטש! — (פויזע ווידער הייטער) און פאר



איז אחיתופל! — איך בין דער יצר הרע, דעם שטוס א ברודער! דאס האב איך דיך געפיהרט קיין בערלין צו לודוויגען אין שטוב — דאס האב איך געמאכט, אז דיא אקס זאל צוברעכען ווערען און זאלסט ניט קענענען אהיים פאהרען אויף שבת — פאהר יעצט צוריק נאך בערלין מאטילדאס מאן וועל איך שוין זעהן צו פארטראכטען — און זיא וועט בלייבען אליין, איין אלמנה! — איך וועל דיר שוין אויספיהרען דעם שדוך — און דיין ווייב וועט באקוממען א בריף מיט א גט א תנאי אז דוא ביסט דערטרונקען געווארען — עס וועט זיין רעכט גאר קיין חרטה — האסט געשוואוירן — ח! ח! ח! (אין דעם מאמענט ווערט ער פערשווינדען אין דער ערד אונטער פלאממע און דאננער).

פריעדעל — בעל הבית אט זאג איך! — וואס זעננען מיר אזוי באטראכט? — דער וואגען איז שוין גרייט לאמיר פאהרען צוריק אהיים.

פרץ (פערוויררט) מיר — פאהרען — שוין ניט אהיים — מיר פאהרען צוריק — נאך בערלין — השיבנו נאזאד.

פריעדעל — בעל הבית! סם איז נאך יעצט צייט! מיר זאגען אהיים —

פרץ — (בייז ארויסלופענדיג) ניין, מיר פאהרען צוריק קיין בערלין זאג איך דיר השיבנו נאזאד (אב).

פריעדעל (שרייט איהם נאך) — ניין נאר אהיים! — (קוקט זיך ארום) ער איז שוין נישטא — ער. (אב)

פרץ — איך וויים? איך בין שוין נאר דול — צו זאל איך פאהרען אהיים — צו זאל איך מאכען השיבנו נאזאד קיין בערלין? — אזוי איז אז דער מענש הייבט אן צו בלאנזען — ווייסט ער אליין ניט וועהמען פריער צו הערען — איך וועל איהם דאך ניט אפלאזען השיבנו נאזאד (זינגט).

1.

ווען דיא שעה שלאגט אוים:
געה, מענש, ארוים!
פארלאז דיין הויז
דיין קינד און דיין ווייב!
פערלאזט ער זיין שטאנד
זיין היים און זיין לאנד
און נעמט אין דער האנד
זיין וואנדער שטאב...

ער וואנדערט און בלאנזעט — ווייסט
ניט וויהין צו געהן
אין מיטען דעם וועג בלייבט ער
פלוצלונג שטעהן...
ער שטעהט אונענטשלאסען... ער
שפירט עפים שלעכטס...
ער ווייסט ניט צו זאל ער געהן גראד
צו זאל ער געהן לינקס, צו זאל ער
געהן רעכטס,
צו נאר — „השיבנו נאזאד!"

2.

דארט אויף דעם שלאך,
קלענד אהן א דאך
שעפלעך א סאך
פארבלאנזשעטע שטעהען;
איין שרעקליכער נויט,
גערעטעט פון טויט,
צוריססען דיא הויט
פון וועלף'ס שארפע ציין . . .
דאס זענען מיינע ברידער פון גאנץ
פיינעם שטאנד
בערויבט, פארטריבען פון זייער
פאטערלאנד
זייא זוכען זיך אהיים ארוהיג שטיקעל
ארט
גענוג שוין צו זיין נע־ונד;
וואס שטעהט איהר און טראכט? —
אייער היים איז דארט . . .
„קיין ציון — השיבנו נאזאד!"

3.

אז וואל איז נאר דעם,
וואס זיטצט אין דער היים
און איז אין זיין ריים
גוט איינגעפאסט . . .
ער לויפט ניט ארום
וויא מען קען ניט איהם
צו זיין אומעטום
א פרעמדער גאסט . . .

איך מיין איך יודען, דאס מיין איך אייך
בירגער פון דעם געבענשטען עסטרייך
דערפאר דארפט איהר בעטען פאר
דעם קייזערס וואהל
וואס ער נעמט זיך אן אייער צד
ער שיצט אייך געטריי און הערט ניט
דאס קול
„אהיים — השיבנו נאזאד!"

4.

(צום פובליקום — באס, „בים").

אללע דא גלייך
דאנק איך יעצט אייך;
נאר איין קליינע זאך
בעט איך אייך זעהער:

זיטצט אייך בארוטה
אונטערהאלט אייך גוט,
נאר מיך זאלט איהר ניט
ארויס רופען מעהר;

דאס ליעד וועט איהר הערין נאך גאר
אהן צאהל
קומט נאר צו געהען דאס צווייטע מאל
דען דאס שטיק קען נאך דויערין לאנג
אהן איין עק
און דא איז דיא צייט זעהער שאד
רופט זשע מיך ניט, ווען איך געה אוועק
„פארא! — השיבנו נאזאד!" [1]

---

[1]) אין אמעריקא וויא דאס שטיק איז געשטעללט געווארין דאס ערשטע מאהל — בעפאר אחיתופל איז פערשוואונדען אין דער ערד — האט ער געזונגען אליעד און האט זיך צוגעפייפט אויף א פייפעלע — דאן, ווען ער איז פערשוואונדען געווארען אין דער ערד איז אנגעקוממען גימפל (עצטיגער „פריעדעל") און האט געפרעגט: „בעל הבית אט זאג איך — פאר וואס האט מען אונז אנגעפייפט?" — און האט געענדיגט דיא זעלבע פערוואנדלונג מיט דעם שפע־טערן ליעד: „אנגעפייפט" — (פינם 3 אקט).



# II פערוואנדלונג *)

(שטעללט פאר א פראכטפאללער סאלאן — אין בערלין — דיא גאנצע וואנד אין אונטערגרונד איז פון גאללע פענסטער מיט א פענסטערטהיר — דורך וועלכער עס זעהט זיך ארויס א שטראססע און א שענע גרויסע מויער — אין סאלאן רעכטס, נעבען אשיינים שרייבטיש, זיטצט לודוויג מרה שחורהדיג — און שרייבט עפיס אונגעדולדיג, גלייך וויא אללע געסטע, וואס טאנצען אין זאאל שטערען איהם — נאכדעם אז אללע געסטע, באלמאסיג געקליידעט, האבען געענדיגט טאנצען א וואלסער — געהט צו, צין איהר מאן לודוויג, זיינע פרוי).

**מאטילדא** — (שעהן פריזירט דעם קאפ, איין דעקאלטירט באלקלייד, מיט בלוממען בעזעהט — לייגט ארויף איהרע האנד אויף זיין אקסיל און מיט א צערטליך ליעבער מינע בעט זיא איהם): מיין ליעבער לאי! נאך אימער ביסטו נאכ־דענקענד! — נאך אימער מעלאנכאליש — דו קרענקסט מיך אימער מיט דיינער גלייכגילטיגקייט צין אללע פערגניגונגען — זעה! וויא דיא געסטע אמוזירען זיך זא שעהן! —

**לודוויג** — (איין יונגער מאן פון 32 יאהר. בלאס געזיכט, אהעל בלאנד בערדיל — אגרויסע גלאצע אופין קאפ (ליסינע) געקליידעט אין פראק — גאללא — טהוט צו דער פרוי א מאך מיט דער האנד) געהע געהע! שעי! — (פערטיעפט זיך ווידער אין זיין שרייבען).

**דאקטאר** (איין מאן פון איאהר 40 מיט אויגענגלעזער — ראזירט — מיט באקענבארדען) איך גלויבע מיינע הערען אונד דאמען דאס ווירד דען הערן לודוויג צערשטרייען, ווען ער ווירד מיט אונז צוזאממען דען וואלסער טאנצען — (געהט צו צו לודוויגען) אלזא טהוען זיא אונס דען געפאללען! —

**מאטילדא** (געהט ווידער צ־' מיין ליעבער לאי טהוע מיר דען געפאללען —

(זינגען אנפאנגס רעטשעטאטיוו).

**מאטילדא** (רעטשעטאטיוו) מיין ליעבער מאן, וואס ביסטו אזוי צוטראגען ענטדעק עם מיר דיין ליעבער פרוי.

**לודוויג** (רעטשעטאטיוו זיטצענד) אך, וויא קען איך דיר דאס ערקלעהרען! ווען איך אליין קען דאס מיר אויך ניט.

---

*) אין אמעריקא אנשטאט דעם וואלסער און דעם דועט — פלעגען דיא געסט שפילען איין מוזיקאלישע — פאנדא — שפיעל אנשטאט היער דער דאקטאר — האט דאס גאנצע רעדעל אין דער געזעלשאפט געפיהרט אקאמישער קאפעלמייסטער — ער האט צינויף גענומען דיא שטראפען בייא דיא פענדע שפילער — איין שטראפע וואר — אז דיא בעטרעפענדע פערזאן מוז זיין א שפיעגעל מען האט דיא פערזאן אנידערגעשטעלט אין מיטען זאאל אלס לעבענדיגער שפיגעל — און יעדער וואס איז צוגעגאנגען און האט געמאכט א מימיק — האט דער שפיגעל געמוזט נאכאמען פינקטליך — ענדליך איז צו דער קאפעלמייסטער און האט געטאנצט געגען שפיעגעל אקאמישען טאנץ — און דער שפיעגעל־מענש האט איהם נאכגעאמט אללע בעוועגונגען פינקטליך — ביז ענדליך דער קאפעלמייסטער מיט א שטויס אין שפיגעל האט איהם צובראכען און געווארפען אויף דער ערד — אללע לאכען —

קֶען איך אַלֵיין ווייס אויך גיט וויא איך זָאל עֶס יֶעצְט אַךְ! פֶערְשְׁטֶעהְן.—

מאטילדא — דָאךְ זָאג מִיר נוּר אֵיינְמָאל מֵיין גֶעלִיבְּטֶער.
גֶעשְׁטֶעה מִיר נוּר דִיא וַוארְהֵייט יַאה — וַואס פֶעהְלְט דִיר?
(זיכטליך מיט אפּאָרוואורף) דוּ צְווֵייפֶעלְסְט זָאנְסְט אַן מֵיינֶער לִיעבֶּע?

לודוויג (עטוואס לעבהאפט) אִיךְ צְווֵייפְלֶע נִיכְט אַן דֵיינֶער לִיעבֶּע,
יַאה אִיךְ קֶען עֶס מִיר אַלֵיין יֶעצְט נִיכְט עֶרְקְלֶעהְרֶען — וַואס אִיז גֶעשֶׁעהְן מִיט מִיר!

(ער הייבט זיך אויף — שטעללט זיך מיט מאטילדען אין דער מיטטע ביהנע אונ זינגען אדועט)

מאטילדא — דָאס אוּנְטֶערְלִיעגְט דָאךְ קֵיינֶען צְווֵייפֶעל — דָאס אִיךְ בִּין דִיר גוּט גֶענֵייגְט,
לודוויג — דָאס אוּנְטֶערְלִיעגְט דָאךְ קֵיינֶען צְווֵייפֶעל — דָאס דוּ בִּיסְט מִיר דָאךְ גוּט גֶענֵייגְט.

מאטילדא — דָאס הָאסְטוּ דָאךְ נִיכְט אֵיינְמָאל יַאה אִיבֶּערְצֵייגְט —
לודוויג — דָאס הַאבֶּע אִיךְ דָאךְ נִישְׁט אֵיינְמָאל זִיךְ אִיבֶּערְצֵייגְט —

מאטילדא — יַאה אִיךְ בִּין דִיר טְרַייא!
לודוויג — (פוגא) — יַאה דוּ בִּיסְט מִיר טְרַייא!

מאטילדא — דָאס גֶעשְׁטֶעה אִיךְ פְרַייא!
לודוויג — (פוגא) — דָאס גֶעשְׁטֶעה אִיךְ פְרַייא

מאטילדא — דָאס הָאסְטוּ נֵיין נֵיין נֵיין אִין דַיינֶען לֶעבֶּען נִיע גֶעצְווייפֶעלְט גָאר,
לודוויג — דָאס הָאבּ אִיךְ נֵיין נֵיין נֵיין אִין מַיינֶען לֶעבֶּען נִיע גֶעצְווייפֶעלְט גָאר —

מאטילדא — יַאה אִיךְ בִּין דִיר טְרַייא — יַאה אִין דֶעם וַוארְסְט דוּא דָאךְ אִיבֶּערְצֵייגְט יַאה, יַאה, יַאה, יַאה!
לודוויג — יַאה דוּא בִּיסְט מִיר טְרַייא — יַאה אִין דֶעם וַוארְד אִיךְ דָאךְ אִיבֶּערְצֵייגְט יַאה, יַאה, יַאה, יַאה!

מאטילדא — דָאס הָאסְטוּ דָאךְ נִיכְט אֵיינְמָאל אִין לֶעבֶּען אִיבֶּערְצֵייגְט — יַאה יַא,
לודוויג — דָאס הָאבּ אִיךְ דָאךְ נִיכְט אֵיינְמָאל אִין לֶעבֶּען אִיבֶּערְצֵייגְט — יאה יַא,

קאהר (געסטע) זִיךְ צוּ לִיעבֶּען, זִיךְ צוּ קְרִיגֶען
הָאט אִיהְר דִיא צֵייט גֶעוֶועלְט גָאר שְׁלֶעכְט,
שְׁטֶערְט אוּנְז נִיכְט דֶען פֶערְגֶענִיגֶען
בֵּיידֶע בֵּיידֶע הָאבֶּען דָאךְ רֶעכְט! (bis)



מאטילדא (וויא צופאר פאנגען אן) „יַאה אִיךְ בִּין דִיר טְרַייא" — א. ז. וו. ביז
לודוויג יַאה זָא טְהוּעֶ מִיר צוּלִיעבּ נֵיין נֵיין דָם וֶוערְדֶע אִיךְ נִיעמֶער,

(לויפט צוריק האזטיג — אונ זינגען אונ זעטצט זיך צוריק נעבען טיש וויא פריער)

קאהר (געסטע צו לודוויגען מיט מאטילדן צוזאממען) נֵיין נֵיין דָאס וֶועט אַייךְ נִיט הֶעלְפֶען — טַאנְצֶען יֶעצְט אִין אֵיינֶעם מִיט אוּנְז מוּזְט אִיהְר
נֵיין נֵיין דָאס וֶועט אַייךְ נִיט הֶעלְפֶען — טַאנְצֶען גִיךְ אִין אֵיינֶעם מוּזְט אִיהְר יֶעצְט,
נָא! — נָא קוּמְט שׁוֹין שְׁנֶעלֶער, נָא! נָא קוּמְט שׁוֹין שְׁנֶעלֶער
דִיא צֵייט שְׁטֶעהְט נִיט שְׁנֶעלֶער (bis)

לודוויג — עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט מִיר! דָאס קֶען אִיךְ נִיט —
קאהר — דָאס פוֹעֶלְט אִיהְר נִיט! —
לודוויג — עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט מִיר, דָאס קֶען אִיךְ נִיט —
קאהר — אִיהְר מוּזְט, אִיהְר מוּזְט! טְהוּן אַזוֹי וִויא מִיר טְהוּן זָאה (זיא טאנצען צוזאממען מיט מאטילדען אונ זינגען)

טַאנְצֶען, טַאנְצֶען טַאנְצֶען זָא — דָאס בֶּעלֶעבְּט דֶעם מוּטְה
דָאס ווירְקְט זֶעהְר גוּט! — — — — (bis)

זָא, זָא, זָא, זָא (ווערענד זייא זינגען אונ טאנצען לויפען צו צווייא פון דיא געסטע — הייבען אויף לודוויגען מיט זיין זעססעל אין דער הויך אין דער מיט ביהנע — אללע פרויען שליעססען א קעטטע טאנצענדיג ארום איהם — שרייען „האָללא האָפּ". — דאס בילד ווירד בעלייכטעט מיט עלעקטריש פייער — ווערענד — לודוויג מיט דעם זעססעל ווערט צוריקגעשטעללט אויף זיין ארט — געבען טיש — געהט צו ווידער צין איהם).

מאטילדא (מיט אצערטליכע מינע) מַיין לִיעבֶּער לָאִי, נָאךְ אִימֶּמֶער פֶערְדִיסְטֶערְן דוּנְקְלֶע וָואלְקֶען דַיין גֶעמִיטְה? — טְהוּעֶ מִיר דֶען גֶעפַאלֶען מַיין לִיעבֶּר
וַויא מוּנְטֶערֶער (מען הערט פון דרויסען זינגען שטראססענזאֶנגער מיט גיטארען)

אללע (הערען זיך צו) אַךְ וִויא דִיא שְׁטְרַאסֶּענְזֶענְגֶער זִינְגֶען זָא שֶׁען —
מאטילדא (צו לודוויגן) וִוינְשֶׁענְסְט דוּא אִיךְ זָאל דִיא זֶענְגֶער. נָאֵיינְרוּפֶען? —
עֶ בִּיטְטֶעט דִיא זֶענְגֶער אִינְס צִימֶּער! — (נאנכע לויפען ארויס אונ בריינגען אריין דיא זענגער)

מאטילדא (צו דיא זענגער) בִּיטְטֶע מַיינֶע הֶערְרֶען זִינְגֶען וִיא אוּנְס עֶטְוַואס שֶׁענֶעס פָּאר!

ביידע זענגער (ביידע גלייך געקליידעט אין שווארצע טאלמען — שווארצע טיראולער היטע מיט פעדערן פארשטעקט אין דיא הענד גיטארעס — שטעללען זיך אין דער מיטטע דער ביהנע אונ זינגען צו טאנצענדיג מיט דעם גאנצען קאר):

לֶעבּ וְשֶׁע, לֶעבּ וְשֶׁע, פָאלְג דֶעם קְלוּגֶען
לֶעבּ וְשֶׁע, מֶענְשׁ, וִויא דִיר גֶעפֶעלְט!
טוּה וָואס מַאכְט דִיר פֶערְגְנִיגֶען
אוֹיבּ דוּ ווילְסְט נָאר וויסֶען פוּן אַוֶועלְט! —

**I זענגער** (פערקליידעטער אחיתופל) (סאלא) — איין מענש האט נאר ליעב צו שפילען
אין קארטען שפילט ער אן אשיעור
פארטרייבט זיין צייט גאר גיט צו פיהלען
שפיל! — פערגניגען מאכט עס דיר!! —

**II זענגער** (פערקליידעטער יצר טוב) סאלא) — נייז דאס הייסט גיט קיין הנאה
זיין גוטס פערשפיעלט ער שוין פון לאנג
ביז ער בייט שוין אנדבה
אי וויינט ער אונ ס'טהוט איהם באנג

**קאהר** (ווידערהאלט) לעב זשע, לעב זשע, א. ז. וו.

**I זענגער** — דער ליעבט טרינקען גאר אמורא;
ער טרינקט אונ טרינקט גאר אן אשיעור...
פארטרייבט מיט דעם זיין מרה־שחורה
טרינק! — פערגניגען מאכט עס דיר!! —'

**II זענגער** — טרינקען פיעל, מאכט פיעל ליידען,
„שכור" — הייסט ער שוין פון לאנג!
ווערט פערשאכטעט דאך פון יעדען
אי וויינט ער, אונ ס' טוהט איהם באנג —

**קאהר** — (ווידערהאלט) לעב זשע לעב זשע, א. ז. וו.— לודוויג, דיא גאנצע צייט אויפמערקזאם הייבט זיך אויף פון זיין זעססעל.— געהט לאנגזאם צו אונ שטעללט זיך צווישעןביידע זענגער אונ הערט אויפמערקזאם).

**I זענגער** (בייגט זיך צו צו לודוויגען מיט א שמייכיל) פון אשענער פרוי'ס וועגען
ברענגט מען זיך אוים גאר אן אשיעור...
פאר איין קוש גיט מען אפערמעגען
קוש! — פערגניגען מאכט עס דיר!! —

**II זענגער** (בייגט זיך אויך צו צין איהם) אונ אז ער האט זיין געלד פארפאהרען
אן קרעפטען בלייבט ער שוין פון לאנג;
אי וויינט ער נאך דיינע יאהרען!
ער וויינגט אי, אי, אונ ס'טהוט איהם באנג

**קאהר** (נאכדעם זייא האבען ווידערהאלט — „לעב זשע" — פליעסקין אללע בראוואה! בראוואה!)

**מאטילדא** (געהט צו צו לודוויגען) נון, מיין ליעבער לאי האט עס דיך צערשטרייעט? —



**לודוויג** — דא איך עטוואס מונטערער בין, זא טהוע מיר מאטילדא דען געפאללען אונד שפאצירע איין וועניג מיט דיא געסטע אין גארטען — איך קאממע באלד — איך ווינשע מיר דאס שענע ליעד פאן דיעזען הערען (צייגט אויף אחיתופל) אבצושרייבען. —

**מאטילדא** — שען — ביטטע מיינע פריינדע! (אללע געהן געארמט ארוים פון צימער אין גארטען).

**לודוויג** — (שטעהט אין דער מיטט — רעכטס אחיתופל — לינקס — דער יצר טוב. ווענדעט זיך צו אחיתופלן) זאגען זיא מיין הערר! זיא האבען עבען בעמערקט אין איהרעם ליעדע, דאס דער מענש דארף נור לעבען אונ לעבען ... זינד זיא ווירקליך דיעזער מיינונג? —

**י"ט** (שטארק) ניין! — (לודוויג בלייבט שטעהן פערוווירט)

**אחיתופל** — (הינטער לודוויגס פלייצעס צום י"ט) וואס טהוסטו דא? — גייה דיר אין דיין הימעל אריין! —

**י"ט** — וואס טהוסטו דא? גייה דיר אין דיין ערד אריין!

**אחיתופל** (צו לודוויגען) ביטטע מיין הערר עקספעדירען זיא דיעזען דא, ווערדען וויר רוהיג שפרעכען קעננען. —

**לודוויג** (צום י"ט) בעמיהען זיא זיך צו ענטפערנען, איך האבע יעצט ליידער קיינע צייט צו איהנען.

**י"ט** (אוועק געהענדיג) „ליידער! ס'וועט איהם שוין זיין לייד אונ ווינד אונ וועה (בלייבט יעדאך שטעהן בייא דער טהיר).

**אחיתופל** (צו לודוויגען) איהר פרעגט מיך צו בין איך ווירקליך דער מיינונג? — יא, יא! נאר לעבען אונ געניסען דאס לעבען! —

**י"ט** (בייא דער טהיר) ניין ניין — אונ איך זאג ניין (אב).

**לודוויג** — זעהר שען! — וויא איזט אבער דער פאל, ווען דער מענש אין זיינען לעבען אללעס שאן מיט געמאכט האט? —

**אחיתופל** — בראוואו! — איהר זענט מיין מענש! —

**לודוויג** — יאה אונד ווארום בין איך ניכט זא מונטער וויא אללע אנדערע? —

**אחיתופל** עבען דארום; ווייל איהר האט שוין אללעס מיט געמאכט, האט דאס לעבען פאר אייך מעהר קיין רייץ — איהר זענט זאט — איבער זעטיגט — מיט איינעם ווארטע: אללעס איז בייא אייך אבגעשמאקט! —

**לודוויג** — אלזא וואס איזט צו טהוען? — בין איך דען פערלארען? — אה איך בין דאך אלס רייכער — דער ארעמסטער אין דער וועלט, איך בין אין דער גרעסטען פריידע איין מעלאנכאליקער; איך בין אים גליק — דער אונגליקליכסטער!! —

אחיתופל — אונד דעננאך גיעבט עס איינע צערשטרייאונג, וועלכע קען איך נאך ערמונטערען! ...

לודוויג — ביטטע מיין פריינד ערקלעהרען זיא מיר דאס — איך ווערדע איהנען דאנקבאר זיין — איך וויל לעבען! —

אחיתופל — הערט מיך אויס: איך ווייס אז דער גאנצער לוקסוס מאכט אייך שוין מעהר קיין בעזאנדער פערגניגען — איך ווייס זאגאר, דאס אייערע אייגענע שענע פרוי וואס ליעבט אייך אזוי — לאנגווייליט אייך פון צייט צו צייט!

לודוויג (עטוואס איבעררראשט) מיין הערר וואהער וויססען זיא דאס? —

אחיתופל — (רעט ווייטער) דיא איינציגע צערשטרייאונג, וואס קען אייך נאך פערגניגען מאכען איז — גראדע דאס געגענטהייל... איהר האט ליעב גראדע דיא איינזאמקייט... דאס איינפאכע קליינשטעטטילדיגע לעבען וויא, למשל, געדענקט איהר פאר א יאהרען ווען איהר זענט געוועזען אין קליינעם שטעדטעלע נעמעראוו ביי אייער קויפמאן פרץ, איז אייך שטארק געפעללען זיין רוהיג שטיל לעבען: אבער נאך מעהר פון אללעם איז אייך געפעללען זיין יונג שען ווייב אניא (טהוט איהם אקיטצעל) קליג, דווקא ניט געלערנט — שען, דווקא ניט געפאדערט (קיטצעלט איהם) רייך דווקא אהן שטאלץ דער צו פרום, גוט, און זיס (ער קיטצעלט איהם).

לודוויג (נערוועז) אבער מיין הערר קיטצלען זיא מיך ניכט זאה — זאגען זיא וואהער וויססען זיא דען זא אללעם? —

אחיתופל — איך ווייס, אפשר האב איך א טעות? — איז דאס דיא פערזאן?
(ער טהוט דרייא פליעסק — דורך דער פענסטער טהיר זעהט מען דורך געהן פרומען אונטער עלעקטרישער בעלייכטונג זיא פערשווינדעט).

לודוויג (איבעררראשט) מיין גאטט! דאס איזט זיא ... אבער אבער ערינערען זיא מיך ניכט מעהר אן איהר — איך ... איך וויל עס פערגעססען — אה ... איך ... איך העטטע געטוישט מיט אללעם וואס איך בעזיטצע אויף דיעזעם קינדע —

אחיתופל — אז איהר וועט נאך קיין סך ניט טענין — וועט איהר זיא האבען —

לודוויג (שטוינענד) וואס? —

אחיתופל (ענטשלאססען) יאה דאס! — און איך אליין טאקי וועל זיין דער שדכן —

לודוויג — אונד זיא זינד עס אומשטאנדע? —

אחיתופל — יאה! — נאר מיט דער בעדינגונג אז איהר מוזט מיר געבען דיא האנד און שווערען, אז וויא באלד זיא וועט נאר זיין אייער ווייב



בלייבט איהר אויף אייביג מיין געשווארענער פריינד און ברודער: נאר דאס מוזט איהר אבער וויססען, אז קוים וועט איהר חרטה האבען — זעהט איהר, אז אזוי וויא איך בין בכח אייך גוטס טהון, אזוי בין איך נאך מעהר בכח שלעכטס טהון ווען איהר וועט ברעכען אייער ווארט. —

לודוויג — איך שווערע איהנען — דאס איך פערבינדע מיך צו איהנען אויף עוויג — היער האבען זיא מיינע האנד זאגאר מיינע זעעלע! —

אחיתופל (אפארט) טאקי דאס דארף איך! — (לויט) יעצט זייט אזוי גוט און קומט מיט מיר ארויס — דען איך וויל ניט אז אייערע מענשען זאללען ערפאהרען וואס דא געהט פאר — איך זאג אייך דיא ווארהייט, אז איהר זענט דער איינציגער אויף דער וועלט, וואס האט געהאט אזכיה צו דער קענען זיך מיט אזוי איינעם, וואס ווייסט אללע געהיימניסע פון דיא מענשען — א סימן האט איהר: וויפיל מאל איז אייך געקוממען אין דיא געדאנקען ווערענד איהר זענט געזעססען ביי פרץ אין שטיב: אי ווען איך זאל עפים קענען פון מיין פרוי פטור ווערען, דעם חסיד פערגיפטען און זיין ווייבעל זאל איך קעננען בעזיטצען — ... איהר האט'ס געפועלט! פרומעם מאן, פרץ, איז שוין ניטא מעהר! זיא איז אצונד געבליבען איין אלמנה און איז אוועק קיין ארץ ישראל אהין פליהען מיר באלד און ביי דער געלעגענהייט פון דעם צדיק ר' שמעון בן יוחאי'ס יאהרצייט אין חברון, איז דאך פריילעך פון דיא יודען און אראבער, וועללען מיר ביי דער שמחה דעם שידוך אויספיהרען ... און אייער פרוי וועט באלד געוואר ווערען אז זיא האט שוין אויף אייך מעהר ניט צו רעכענען: ווייל עס וועט הייסען, אז איהר זענט פארברענט געווארען אין דעם שכנ'ס הויז, וואס איך וועל דאס באלד אנצינדען... נא קוממט!
(ער טהוט איהם האסטיג אשלעפ פאר דער האנד און לויפט מיט איהם ארויס לינקס).

מאטילדא (קומט פון רעכטס אריין מיט אללע געסט) איך ווייס ווירקליך ניט וויא צו דאנקען דער פערזאן, וועלכע איז אומשטאנדע געוועזען מיט זיינער געגענווארט מיינען ליעבען לאי צו צערשטרייען; אבער וואהין זינד זיא וועג? —

דאקטאר — געוויס אין גארטען — דארטען ווערדען זיא געמיטהליך פלוידערן — אלזא מיינע הערען אויפ'ס וואהל דער ליעבען געסטע דעם הערען אונד מאדאם לודוויג אורראה! אללע — וויוואט! —
(אין דעם מאמענט הערט מען אין דרויסען א טרעוואגא = פייערסיגנאלען פון פויק און גלאקער — דורך דער פענסטער וואנד זעהט מען איין הויז שטעהט אין פלאממען, פיעלע מענשען — פייערלייטע שפריטצען און רעטטען דאס הויז).

**קלעמענטינא** — (לויפט הערייז פערצווייפעלט) איין אונגליק מיינע הערען — דער הערר מיט דעם גאסט וועגען אריינגעשפרינגען, דאס הויז צו רעטטען. אונ דיא פלאממע האט זייא ערגריפען —

**מאטילדא** (שרייט) הילפע! רעטטעט! —

**איין גאסט** (קומט פון דרויסען צולויפען) זיא זינד פערבראנט! —

**מאטילדא** (פאלט אין אהנמאכט) אך! ... (אללע שטעהן ארום איהר האלברונד אונ קוקען אויף איהר, בעמיהען זיך זיא צו רעטטען — אים אונטערגרונד — אויף א ברעננענדען גזימס פון דער מויער זעהט מען אחיתופלן געהן שלעפט פאר דער האנד לודוויגען — מוזיק שפיעלט — שטורם).

פארהאנג פאלט — שנעלל

---

# אקט II.

(שטעללט פאר א וועלדיל — רעכטס שטעהט א בלוממענשטרויס, אויף וועלכען וואקסין שענע רויזען — אונטער א בוים אויף א שטיין-באנק זיטצט מאטילדא מיט איהר שטובמערכען קלעמענטינא — מאטילדא שווארץ געקלייד, דיא האאר צולאזט, בלאס, נערוועז, זיטצט אנגעשפארט דעם קאפ אויף קלעמענטינען).

**קלעמענטינא** (אויך שווארץ געקליידט — האלט זיא ארום מיט איהר האנד — קוקט זיך צו אללע מאל צין איהר) גענוג, מאדאם! שפאצירט, עס ווירד שפעהט — געהן וויר ליעבער נאך הויזע — זיא זינד זא מידע — זא גערוועז.

**מאטילדא** (האלט א פרישע ראזא אין דער האנד פערווירט) נאך הויזע געהן? — וואהין? — האבע איך דען איינע היימאט? — אונד ווען ווערדע איך

---

*) אין אמעריקא — האט דיא סצענע פארגעשטעללט א געדיכטער וואלד — צווישען דיא ביימער גאנץ וועיט האט זיך ארויסגעזעהן א בית הקברות מיט מצבות — נעבען דיא מצבות שטעהן מענשין אונ בעטען אונ מאטילדא האט געזונגען דאס ליעד:

יעדעם ווייב קומט צין איהר קרבן
אין דער הייסער שעה!
אויך דער, וואס איז שוין לאנג געשטארבען
זיכט מען אויך אפ דא
מען גיט נאר צדקה דעם קברות יידען
זיכט ער אפ דאס פלאטץ...
צו זעהן די ערד, איז מען האטש צופרידען
פון דעם טייערען שאטץ —.

„וויא איז מיין מאן? קענט איהר מיר
ניט זאגען?!
איך שרייא אונ ווער ניט מיד
— „ער איז נישטא!! — אומזיסט איז
דיין קלאגען!" —
טהוט אימענדיג א מאך — דער יוד!....
עס זוכט איהר מאן דארט א נקבה.
אונ געפינט איהם גיך



טרעפען דארט? — מיינען מאנגע? — מיינען לאי? ער ברענט אין פייער ... רעטטעט! הילפע, הילפע! — ניין, מיין מאן לעבט שוין ניט מעהר — (צו דער ראזא) אה מיינע שענע ראזא — יאה, ניין וויר געהן ניכט נאך הויזע, ווער ווירד דארט זינגען, טאנצען? — געסטע? גוטע פריינדע? וואה זינד דיא געסטע דיא גוטע פריינדע? זייט איך האבע מיינען ליעבען לאי פערלארען, מיין פערמעגען, מיין הויז קאמט ניעמאנד צו מיר, זיא שעהמען זיך מיט מיר זיך בעגעגענען, זיא שפאטען מיינער — דא קאמט דיא וואהנזיניגע שרייען אללע אונד לאכען ח! ח! ח! — נא נא שאן גוט — מעהר ניכט מיינע טייערע ראזא! — שענע דופטענדע בלוממע! זא איינע ראזא האט געשמיקט מיין שענעם לאקיגעם האאר אם טאגע מיינער האכצייט מיט מיינען ליעבען לאי — לאי? — וואה איזט ער? — ער ברענט? — אה רעטטעט הילפע, הילפע! — לאי — לא — לא טראלאלא לא — ח ח ח! קיטצעלט מיך ניט מיינע טהייערע דינגערן — דאנגערען — עס דאנגערט — טראאאא — אי אי (זיא וויינט איסטעריש).

**קלעמענטינא** — בערוהיגען זיא זיך מיינע ליעבע ווירטהין, געהן וויר ליעבער נאך הויזע, רוהען זיא איין וועניג אוים — פיליייכט ווירד איהנען בעססער ווערדען —

**מאטילדא** — רוהען ווערדע איך? — היער ווערדע איך רוהען (צייגט אויף דער שטיינבאנק) היער איזט זא קיהל — היער איז קיין פייער — היער ברענט ניכט (זייא זעטצען זיך ביידע —. אין דעם מאמענט ערשיינען צוויא ציגיינער מיט טאמבורינס אין דיא הענד אונ טאנצען).

---

זיין נאמען ווייזט איהר דיא מציבה
איינגעקריצט אין זיך...
צין איינער ווינקט א בוים אגריינער:
דיין מאן ליגט דא, בייא מיר!
אונ איך שטעה דערשלאגען וויא פון
אדיננער
וויא איז מיין מאן?! זאגט! — איהר!!
מיר שאקעלט אבער מיט זיינע צווייגען
דער בוים אקיהלען „ניין";
„ער איז נישטא!" — ענטווערט מיט זיין
שווייגען
מיר דער שטיממער שטיין!...
ער איז נישטא! — אומזיסט דיא טרערען
אימזיסט דאס וויינען אונ קלאג —

ער איז נישטא! — וויא א שווערער שטערן
פערשווינדעט פאר דעם טאג! —
ער איז נישטא! — ער האט זיך
באהאלטען
אונ האט מיך געלאזט אליין
ער איז נישטא! — חוועל עס ניט
אויסהאלטען
מיר זאל אזוינס געשעהן! — —
אזוי וועל איך שטענדיג אויף דיא
בערג קריכע,
אין פרעגען אן א צאהל...
ער איז נישטא!! — אימזיסט איז
דיין זוכען!"
שרייט דם ווידערקול פון דעם טהאל!..

*) **מאטילדא** — (ווערענד דיא ציגיינער האבען געענדיגט דעם טאנץ) זייט ווילקאמען ציגיינער! וואס מאכען זיא היער? —

I **ציגיינער** (אחיתופל) ליעבע מאדאם איך קען טרעפען אויף דער האנד.

II **ציגיינער** (יצר טוב) ניין איך קען טרעפען! —

I **ציגיינער** (הינטער מאטילדעס פלייצים) וואס טהוסטו דא? געה דיר אין דיין הימעל אריין! —

II **ציגיינער** — וואס טהוסטו דא? געה דיר אין דיין ערד אריין! —

I **ציגיינער** (צו מאטילדען) ליעבע מאדאם איך לעז דעם מענשענס מזל און ווען איך וועל קוקען אין אייער האנד וועל איך אייך טרעפען וואס עס איז געוועזען מיט אייך — און וואס עס וועט זיין מיט אייך! —

*) אין אמעריקא בייא דער סצענע — פלעגט מאטילדא אויסדרייסען ביים ציגיינער דאס פייקעל און זינגען (פערזווירט),

הערט אנייעס!
דיא ווילדע חיות
אחתונה מאכען זייא אין וואלד:
זעהט אלעבען
וועלף מיט לייבען
צו דער חופה פיהרט מען באלד,
און דיא גרילען
מיט בלויע ברילען
לייגען זייא דיא כתובה פאר,
און דיא זשיקעס
האלטען דריקעס
ווערים באזינגען זייא אין קאהר!...
זינגט, זינגט! לאז אייך וואל באקוממען
זינגט, זינגט! זינגט אייך אללע אצונד
לאדט מיך גאר ניט — ניין איך וועל ניט קוממען
זינגט אייך פריינדע, איך ווינש אייך צו געזונד!
וויא קען איך זינגען אן מיין גלאבען
וועט איהר אליין ניט שפעטען לאבען;
זיא זינגט אליין — ח ח ח ח! זיא האט
נישט איהר פאאר
זיא זינגט אליין ח ח ח ח! וועה איז צו
מיינע יאהר! —

אויבען אן פאר אללע
וויא חתן כלה
זיטצט דיא קאטשקע מיט דעם פיש;
און דיא זשאבע,
דיא גרינע באבע,
לאדט דיא פליגען אן צום טיש,
און דיא האהנען
מיט דיא שפאנען
ליגען צו לייגט אין א פאטעל
דיא ציגענבעקע
מיט שווארצע פראקע
סערווירען וויא דיא קעלנערס שנעל...
עסט, עסט! לאז אייך וואל באקוממען
א. ז. וו.

דיא שילדקרעטע
בלאזט דיא פלעהטע
אויף דעם באס — דער קראקאדיל —
עס טאנצען שלאנגען
מיט אראנגוטאנגען,
זוהלען געהן אקאדריל;
דער בער אין מיטען
וויא אמחותן
לאדט דיא קוה צום ווייא־זא־וויא
און שווער און שוויגער
היענע און טיגער
פייעסקען מיט דיא לאפקעס צו...
טאנצט, טאנצט לאז אייך וואל באקוממען.
א. ז. וו.



**מאטילדא** — און וואס עס וועט זיין! — דא האבען זיא מיינע האנד —

I **ציגיינער** (נעהמט איהר האנד און לייענט פון איהר) ליעבע מאדאם! אייך דאכט זיך איהר זענט משוגע, איהר זענט אבער נאר אויפגערעגט און איבער געשראקען פון דעם אונגליק וואס איז געשעהן אייער מאן... ווערענד איך האלט אייער האנד טראכט איהר שוין גאר אנדערש!... אז איהר האט געלעבט מיט אייער מאן האט זיך אייך אויסגעוויזען אז איהר האט געלעבט גליקליך — עס האט זיך אייך אבער טאקי נאר אויס־געוויזען; דען איהר אליין האט גאר אזוי פיעל נישט געוויסט וויא אונגליקליך איהר זענט געוועזען — אמת טאקי: ער איז געוועזען רייך שען און פיין; נאר פון זיין גאנץ פיינקהייט, שענקהייט און רייכקהייט האבען אנדערע אסך מעהר גענאסען וויא איהר; ווייל אונטער אייערע פלייצעס האט ער אנדערע געליעבט, אויסגעבראכט אויף זייא איין פערמעגען און האט זיך זייער גוט פריילעך אונטערהאלטען —

**מאטילדא** — שרעקליך! —

II **ציגיינער** — שרעקט אייך ניט ס'איז א ליגענד! —

I **ציגיינער** — ווערענד בייא זיך אין שטיב אין אייער געגענווארט איז ער געוועזען שטענדיג מרה שחורהדיג —

**מאטילדא** — (רייסט אויס פון איהם איהר האנד) פארט דוא פערליימדער! ווא קאמט עס, דאס זאה איין עלענדער ציגיינער זאל פערשטעהן דען ערלען זין דער געטטליבען ליעבע? — איך וואר אונד בלייבע איהם עווינ טרייא (זיא שפארט זיך אן אויף קלעמענטינען).

II **ציגיינער** — בראווא בראווא ה ח ח — (אב לינקס)

I **ציגיינער** — ווארט איך וועל מיך מיט דיר אפ רעבענען (אב רעכטס)

**קלעמענטינא** — געהן וויר נאך הויזע מאדאם — עס ווירד שפעהט — — דער מענש איז ניט בייא זיך אין דיא הענד... פאסט אייך! —

**מאטילדא** — יאה, וויר געהן — איך בין זאה שוואך, זא מידע — אבער נור איין בוקע ווערדע איך מיר צוזאממענשטעללען אונד מיטנעהמען, דאס איזט מיין איינציגער שמוק, מיינע איינציגע צערשטרייאונג (זיא געהט צו צום בלומענשטרויס) אך וויא דיא בלוממען ריבען זא אנגענעהם! (זיא דערזעהט אויף א צווייגעל פון א בלוממע הייגגען א ברילאנטענע קאלעע, ארמבאנד אונד קאפפנאדעל, וואס אחיתופל ביים פארטגעהן האט אויפגעהאנגען) קלעמענטינא! שוי מאל וואס בלינצעלט דארט וויא דיאמאנטען? שוי, שוי איין גאנצער שאטץ! (זיא געהט צו און נעהמט אללעס אראפ).

**קלעמענטינא** — דאס האט געוויסס יעמאנד היער פערגעססען —

**מאטילדא** (ווערענד זיא טהוט זיך אן אללעס) וויא שען דאס פאסט מיר — ניכט וואהר? — דאס אויף דעם האלזע, דיעזעס אויף דער האנד אונד דיעזעס דא אונ דער פריזור — ניכט וואהר? איך מאכע יעצט מיינע טואלעטע גראדע וויא אם טאגע מיינער האכצייט — אה וועה! — (זייפצט)

**קלעמענטינא** שמייסען זיא דאס וועג. מאדאם, דאס איזט פרעמדעס — יעמאנד האט'ם היער פערגעססען —

**מאטילדא** — דאס איזט נור איין ביישפיעל — עס צערשטרייעט מיך איין ווענינ — אונד נאך איינע ליליע ניכט וואהר? — (זיא געהט נעווענטער צו צום בלומענשטרויס).

**קלעמענטינא** — דיא בלומען זינד שעדליך —

**מאטילדא** — (שפרינגט פלעצליך אפ ערשראקען) אך! — (דען אין דעם מאמענט, ווערענד זיא האט אויסגעשטרעקט דיא האנד צו נעהמען איינע בלומע, האט זיך דער בלומענשטרויס פערוואנדעלט אין א בווירישע היטע).

## 3. פערוואנדלונג.

**איינע צויבערין** (פערקליידערטער אחיתופל — טרעט ארויס פון דער טהיר פון דעם שטיבעל אויף א שטעקען אנגעשפארט אונ רעט וויא איינע אלטע העקסע) שרעק דיך ניט מיין קינד! איך וואהן שוין לאנג דא אין וועלדיל — איך קען דיך — איך האב זיך געלאזט געהן טאקי צו דיר — נאר גוט וואס איך האב דיך דא געטראפען —

**מאטילדא** — איהר? — וואס דארפט איהר מיך? —

**צויבערין** — איך בין געוואר געווארען פון דיין אונגליק בין איך געקוממען דיך טרייסטען אונ העלפען —

**מאטילדא** — איהר? ... וואס דארפט איהר מיך?

**צויבערין** — איך קען דיך שוין לאנג, מאטילדא מיין קינד, נאר דו קענסט מיך ניט — איך בין געוואר געווארען פון דיין אונגליק, בין איך געקוממען דיר העלפען — איך ווייס, אז דו ביזט יעצט ארעם — אהן גוטע פריינד, אהן שטיטצע אונ האסט קיין היים וויא דיין מידהען קאפ אנידער צו לייגען — שאדע! ביזט נאך יונג אונ שען דוא קענסט האבען ווידער אבייך הויז, דוא וועסט קענגען אויספיהרען אל־דאס־בעסטע ביא דיין קינפטיגען מאנן! ער וועט זיין סאליד, ער וועט נאר דיך ליעבען אונ קיינע אנדערע אין דער וועלט — דו וועסט הערשען איבער זיין גוטס, וואס דיין מויל וועט ארויס רעדען וועט באשאפען ווערען — דער מענש ליעבט דיך זעהר — ער געהט אוים נאך דיר! — —



**מאטילדא** — איך וועה, אלטעטשקע אז איהר זענט אגוטע שדכנטע אונ אויב איהר האט ווירקליך מיטלייד מיט מיר אונ קענט מיר צו שטעללען, וואס איך פערלאנג — טוהט זשע מיר דען געפאללען אונ גיבט מיר צוריק מיין מאנן! — ווייל נאך איהם וועל איך קיינעם ניט קענגען ליעבען —.

**צויבערין** — לאז זיך דיר ניט חלומען, מיין קינד, אזאך וואס איז פאר־פאללען אונ מען קען עס שוין ניט אימקעהרען — איך שמיעם מיט דיר פון דעם וואס עס וועט זיין אונ קענן זיין — דיר עפפענט זיך יעצט אנייע וועלט, אנייא לעבען! וועסט זיך באדען אין גוטס, אללעס האט ער שוין פאר דיר פארבערייטעט — דיא בריליאנטען, וואס דוא האסט דא געפינגען, דאס האט ער דיר געשיקט — (מאטילדא דער שרעקט זיך אין וויל אראפ ווארפען פון זיך דאס צירינג — ער האפט זיא אן בייא דער האנד אונ לאזט זיא ניט) ניין, ניין טוה זייא ניט אוים! וועסט נאך בעססערע האבען — קומם מיט מיר אביסעל ווייטער וועסטו זעהן, וואס פאר אשענעם מויער, וואס פאר אשענעם עקוויפאזש ער האט פאר דיר אנגעגרייט — איהם וועסטו אויך זעהן ... ער שפאצירט דארטען — וועסט דאס הערין אליין פון זיין איינען מויל.

**מאטילדא** (דיא גאנצע צייט פערווירט אונ ציטטערט) קאמם, קלעמענטינא, קאם! וויר וואללען געהן —

**צויבערין** ניין, קומם מיט מיר — לאז זיא דא ווארטען! — (ער שלעפט זיא אוועק רעכטס — זיא פאלגט איהם אנווילקירליך).

**קלעמענטינא** (פערווירט) מיין גאטט! וואס איז מיט אונז געשעהן? — מיר בלאנזען יעצט אללע! —

**פריעדעל** (לויפט ארייך לינקס אונ האלט אין שרייען) בעל הבית!! —

**קלעמענטינא** (ערשראקען — קוקט איהם שטוינענד אן — פויזע) וועהמען זוכט איהר, מיין העדר? —

**פריעדעל** (קוקט זיך ניט אים אונ שרייט אלץ) בעל הבית!! —

**קלעמענטינא** (צו פרידלען) וועהמען זוכט איהר? — (פרידעל שרייט אלץ — קלעמענטינא — אפארט) ער האט געוויס דעם וועג פערלארען (הויך צו פרידלען — נעהמט איהם פאר דער האנד) ביטטע, מיין הערר, איך צייגע איהנען דען רעכטען וועג (ער רייסט זיך אוים פון איהר אונ שרייט „בעל הבית!" — קלעמענטינא לויפט אוועק רעכטס — לינקס קוממט אן)

**פריץ** — צו דיין קאפ! וואס איז מיט דיר געשעהן? — פרידעל וואס איז דיר? —

**פריעדעל** בעל הבית! אט זאג איך! —

**פרין** — נא, נא, וועסט שוין שפעטער זאגען — קום, קום! (ער שלעפט איהם אוועק רעכטס — פריעדעל רייסט זיך אויס פון איהם לויפט דורך דיא ביהנע פון רעכטס ביז לינקס — אונ שרייט אין איין שטיק — „בעל הבית!" — פון דער רעכטער זייט פאהרט אריין איין עקוויפאזש — פרין זיטצט מיט מאטילדען — ער צופריעדען — אונ זיא פארטיממעלט — דיא צוּבערין :וארפט אראפ דיא קליידער — בלייבט שטעהן אלס אחיתופל = צייגט מיט דעם פינגער — אויף דעם פאהרענדיגען עקוויפאזש אונ לאכט — הא! הא! הא! — זייא פערשווינדען לינקס).

## 4 פערוואנדלונג.

(שטעללט פאר — זאננענאונטערגאנג אונטער דער שטאט חברון — ארום מיט פיעל בערג אונ אייניגע הויכע פאלמען צווישען אלטע צובראכענע קאלאנען, רואינען פון אלטע קברים זעהט מען רעכטס, דעם קבר פון ר' שמעון בן יחאי'ס) —

**פרומע** (שטעהט נעבען א קבר מיט א תחנה אין דער האנד אונ זינגט).

דיא היילגע מדינה, דיא ערד ארץ
ישראלדיגע,
וואס געפינען זיך ביי דיר אזוי פיעל
קברים:
פון דיא צדיקים כשרה אמאלעדיגע
תמימים והישרים! —

דא רוהען
זייערע עהרליכע קעפעלעך!
קיין ווארעם האט זייא ניט באריהרט!...
אונ אויף זייא בליהען
דיא ארץ־ישראל עפעלעך!
לילבן, אתרוגים אונ אויך מירטה —

זייערע נשמות לייכטען פון דער שכינה
דער ליכטיגער:
פון פייערען שענע אללערלייא...
אויף מיין געבעט דער הער, איך בעט
דיך, גאטט אלמעכטיגער!
לעג, מיין מאנן, דיין קנעכט, אויך
צווישען זייא!! —

דיא היילגע ערד, וואס היילט פון
אללע פרעגות
פאר דער נשמה דיא בעסטע קאמטע...
אין דיר ליגט באהאלטען אללע נשים
צדקניות:
שרה, רבקה, רחל ולאה —.

דא רוהען
זייערע עהרליכע קעפעלעך!
קיין ווארעם האט זייא ניט באריהרט —...
אונ אויף זייא בליהען
דיא ארץ־ישראל עפעלעך!
לילבן, אתרוגים אונ אויך מירטה! —

זייערע נשמות לייכטען פון דער שכינה
דער ליכטיגער:
פון פייערען שענע אללערלייא...
אויף מיין געבעט דער הער, איך בעט
גאטט אלמעכטיגער!
לעג, אויך מיך, דיין דינסט, צווישען
זייא! —

(אין דעם מאמענט לויפען אריין לינקס — לודוויג אונ אחיתופל — פרומע = פארטראכט אין איהר תחנה בעמערקט זייא ניט).

**לודוויג** — אך וויא רייצענד! —

**אחיתופל** — ווארט דארט ניט ווייט אונ געה ניט צו, ביז איך וועל דיר אווינק געבען; ווייל דיא נשמות מוז מען געהמען אויף איין אנדער אופן. (ער שלעפט לודוויגען אוועק לינקס)



**פרומע** (טרויריג מיט א פרימער מיענע) טא! מן השמים איז מיר אזוי באשערט — מן השמים האט דער אייבערשטער אזוי געוואלט — קיין זינדיגער מענש דארף קיין קשיות ניט פרעגען — ברוך דין אמת! — מיין מאנן איז שוין אויף דער אמתער וועלט — איך וועל אויך דארט זיין! — נאר דערווייל האב איך קיין זכיה ניט ... מען דארף נאך מצות טהון אויף דער וועלט, דיא נשמה זאלל זיך האבען מיט וואס צו באריהמען — נאר, מיט וואס קען דען א זינדיגע אשה זוכה זיין? איך באווין אוודאי, לויב זיין ליעבען נאמען, איך טיה צדקה! — איך בין געקוממען אויף דעם צדיק'ס קבר צו בעטען — אין דעם זעקעל וועל איך אנגעהמען ערד צו היילען קראנקע — איך וועל אנרייסען ארץ־ישראל עפעלעך צו מאכען אנגעמאכטס צו דערקוויקען ארימע קראנקע — אדאס איז מיין לעבען, אדאס איז מיין וועלט! —

**לודוויג** (לינקס קוממט אריין פון וויטענס) נאיו! אונשולדיג! רייצענד! (אב).

**פרומע** (געהט צו צום קבר אונ בייגט זיך אן) אדא וועל איך מיר אנגראבען אביסעל היילגע ערד, וואס קיין ווערעם עססען ניט דיא טויטע אונ ס'איז א סגולה צין אסך זאכען (ווערענד זיא וויל א גראבטהון, טהוט א זעטץ א פלאם פייער פון דער ערד — זיא דער שרעקט זיך אין שפרינגט אוועק) דיא ערד לאזט זיך ניט נעהמען! מן השמים האב איך נאך קיין זכיה — איך זינדיגע אשה — — איך וועל געהן צום בוים אנרייסען עפעלעך (ווערענד זיא געהט צו צין א בוים אונ שטרעקט אויס דיא האנד צו רייססען — קריכט ארויס פון דעם וארציל א שלאנג אונ טהוט זיך שנעלל א וויקעל ארום, ארום דעם בוים — זיא דער שרעקט זיך אונ לויפט אוועק) — אט א פנים אז דעם בוים דארף מען ניט אנריהרען ... וואס זשע? האב איך נאך גאר קיין זכיה ניט? — — איך וועל געהן, פאללען אונ בעטען אויף דיא קברים פון דיא היילגע זייא זאללען מיר העלפען (אין אזוי וויא זיא לאזט זיך צו געהן רעכטס צין א קבר קוממט איהר ענטגעגען רעכטס אונ פארשטעלט איהר דעם וועג — איין אלטער ארץ־ישראל־יוד טירקיש געקליידעט מיט א שטעקען אין דער האנד).

**רבי** (פערקליידעטער אחיתופל) וועהמען זוכסטו דא, מיין קינד? —

**פרומע** (מיט דרך ארץ בייגט אן דעם קאפ) אוי רבי! וועהמען איך זיך וועל איך שוין מעהר ניט געפינען, וועה איז מיר!

**רבי** — וואס זשע זוכסטו אזוינס, וואס דוא קענסט מעהר ניט געפינען? —

**פרומע** — איך זיך שוין ניט, רבי! איך זיך שוין ניט מיין מאנן, וואס ער איז פארלוירען, לעבעדיג וועל איך איהם שוין ניט מאכען — איך בין געקוממען אהער, מיר פארטרייבען מיין מרה שחורה — איך האב מיר

אנדר געמאכט, נישט מעהר חתונה צו האבען ... מיין גאנץ לעבען זאלל איך פארברענגען אין פאסטען, תפלה און צדקה צו טוהן! — איך וויל פון דער וועלט גאר ניט וויסען ... פאר מיר איז זיא פארשפיעלט, וועה איז מיר! ...

רבי — דוא רעדסט וויא א נארישע אשה! וואס הייסט: דוא האסט פאר־שפיעלט דיין וועלט ? — דוא האסט דען באשאפען דיא וועלט, וואס דו גערהמסט דיר דאס רעכט צוזאגען, אז דוא האסט זיא פארשפילט ? דיין מאנן איז נישטא ? — לאז ער זיין אגוטער מליץ פאר דיר — דוא לעבסט ! האסטו ניט צו זיין קיין גוטע מליצה פאר איהם !— אלעבעדיגער פאר אטויטען קען קיין מליץ ניט זיין! ..

פרומע — רבי ! איך פארשטעה אייך ניט וואס איהר זאגט ? — וועה איז צו מיר !—

רבי — ווילסט מיך פארשטעהן ? — זאלסטו שוין מעהר ניט זאגען, אז „דוא האסט פארשפיעלט דיין וועלט"— רען, פאר דיר עפפענט זיך ערשט יעצט גאר אנייע וועלט! ... דו ביסט נאך יונג און שען — קענסט נאך חתונה האבען! ...

פרומע — רבי, איהר זאגט דאס ? — אהייליגער ? ...

רבי — יאה! איך זאג דאס דיר! דו קענסט נאך פיהרען א'לעבען מיט איין אנדערען מאנן — זייא זעננען דא גענוג! ...

פרומע — וויא פאר וועמען זייא זעננען דא, נאר נישט פאר מיר, וועה איז מיר! —

רבי — (בייז) פאר דיר, זאג איך, זינדיגע אשה, פאר דיר ! — דו האסט דען יענעם מעהר געקענט פון דעם ? — אשדכן איז געקוממען איז געוואָרען אשדוך — געשטארבען, באגראבען ! נישט דער — איז יענער ! — שטעהט דיר אפשר ניט אן איך זאלל זיין דיין שדכן ? ! ...

פרומע — (מיט אוויינענדיגען נגון) יענער איז געוועזן איין ערהליך קינד, וועה איז מיר ! —

רבי (קרומט זיך איהר נאך) „איין ערהרליך קינד וועה איז דיר !"— ערהרליך הייסט דער ביא דיר, וועלבער קוקט קיינמאל ניט אויף זיין אייגענער אשה און פארגלאנצט דיא אויגען אויף איין אנדערער ? ... אמענש פון היינטיגער וועלט איז פיינער געגען זיין ווייב ... ער רעט מיט איהר, עסט מיט איהר, געהט מיט איהר, האט נאר זיא אין זינען און האט זיא באמת ליעב! —



פרומע — איהר זאגט דאס, רבי ? — אהייליגער ?! ...

רבי — יאה ! הייליג איז דאס, וואס איך זאג דיר ! דארפסט אזכיה האבען איך זאלל זיין דיין שדכן! פארגעס אין דעם פריערדיגען און האב חתונה מיט דעם, וואס וועט דיר דער ערשטער קוממען צו דער האנד —

פרומע (ענטשלאססין) ניין — רבי — איך קען דאס ניט ! ! —

רבי — (בייז) אוועק פון דאנען דוא זינדיגע אשה! — דיא ערד, וואס דוא שטעהסט אויף איהר איז הייליג! ... אהער טאר נישט קוממען איונגע אשה אהן אמאנן ... אסימן האסטו, אז דיא ערד האט זיך נישט געראזט רייסען ... פאלגסטו ניט אלעבעדיגען וועסטו מוזען פאלגען אטויטען—... דארט, אין דער הייל ליגט דער בעל מופת — געה צום קבר און פרעג איהם וועט ער דיר זאגען ; נאר גיך! ווייל באלד וועט מען דיך אוועק טרייבען פון דאנען; דען היינט איז דעם בעל מופת יאהרצייט, קוממען זיך צינויף אללע ערהליבע יודען — אראבער, איהם אנצינדען איאהרצייט — טאר קיין אשה דאבייא ניט זיין — געה גיך און פרעג איהם.— (אב רעכטס)

פרומע (אליין) וואס איז מיט מיר דא געוואָרען ? ... עפים שרעק איך מיך ! ... איך בין שלאף ... איך וויים ניט, וואס מיט מיר איז ? ... עפים בלאנגע איך ארום ! ... (זיא קוקט זיך אים) אדא אין דער הייל ליגט דער הייליגער בעל מופת, וואס האט געוויזען נסים — נא דיר אפ דיין פישקע, וואס איך האב פון דיינעטוועגען אזא לאנגע צייט געקליבען און זאג, וואס זאלל זיין פון מיר ? ... (זיא געהט צו רעכטס צו דער הייל, וואס צווישען קאלאנען, שטעהט דער קבר פון ר' שמעון כן יחאיים זיא בייגט זיך אן שטעלט א נידער דיא בלעכענע צדקה פישקע — פון דער הייל שיינט ארויס אשיין פון אליכט).

אקול פון דעם קבר — (פון אחיתופלן) אהער קום דוא זינדיגע אשה, און הער ; וואס איך וועל דיר זאגען : — דאס הייליגע ארט קענגען גאר בעטרעטען אלטע יודען אדער אלטע ווייבער. קיין יונגע אהן אמאנן דארף אהער ניט קוממען — דיין מאנ'ס נשמה קען אנדערש ניט האבען קיי תקנה ביז דוא וועסט זיך ניט פארבינדען מיט איין אנדערען — דעם נס וועסטו באלד זעהן! ... ביים הערויסגעהן פון דאנען, דער ערשטער, וואס דיר וועט קוממען ענטגעגען און דיך אנגעהמען פאר דער האנד, מיט איהם זאלסטו באלד געהן און שטעללען אחופה און אהיים פאהרען אין דיין רוה ... און אויף דער עלטער ערשט קוממען אהער — גיך, געה אוועק און שלאג מיר ניט איבער מיין יאהרצייט ! ...

(וועהרענד זיא הייבט זיך אויף און לאזט זיך אוועק געהן לינקס — קומט איהר־

ענטגעגען לודוויג. — ער נעהמט זיא אן צערטליך פאר דער האנד — זיא פאלגט איהם אונוויללקירליך, וויא צודילט — ער פיהרט זיא אוועק לינקס — דיא מוזיק שפיעלט איין אראבישען מאריש — עס לאזען זיך אראפ געהן פון דיא בערג רעכטס אראבער, טראגען אין דיא הענד ברענענדע פאקעלען — נאך זייא אויף קאמעלען פאהרען בעדואינען אונ קריכען אראפ פון זייא — נאך זייא פיעלע ארץ-ישראל יודען מיט שטעקינס אין דיא הענד — נאך זייא טירקישע פרויען מיט ווייסע לייליכער פערוויקעלט דאס פנים, אז מען זעהט נאר ארויס דיא אויגען, זייא טראגען אין דיא הענד צדקה פישקעס אונ קלאפען אונ קלינגען מיט זייא — נאך זייא — יונגע טירקען מיט פייקלעך אונ טעצליך אין דיא הענד — מאנכע געהן צו צום קבר פון ר׳ שמעון ב״י צינדען אן בוימעל מיט שאלען אללע ביקקען זיך צום קבר — דער נאך הייבען זייא זיך אויף — טרינקען, זינגען אונ טאנצען —

לְנַשֵּׁק עֲפַר קָדְשׁוֹ בָּאנוּ כֻּלָּנוּ
זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ —
רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי – עָלָה לַמָּרוֹם ! —

ווערענד זייא אללע זינגען אונ טאנצען אין טהאל — זעהט מען אין דער טיעף אויף אבארג — געהט רעכטס אקאמעעל — אויף איהם, אונטער אבאלדאכיין זיטצען לודוויג מיט פרומען — זייא פאהרען לינקס ווערענד אויף דעם בארג פון ווייטענס שטעהט אחיתופל — קוקט נאך דעם קאמעעל ווייזט מיט דעם פינגער אויף דעם פאאריל = אונ לאכט שפאטיש — הא! הא! הא! הא! הא! — דאס בילד ווערט מיט פייער אונ מאגדשיין בעלייכטעט —).

## דער פארהאנג פאלט לאנגזאם.

— • • • ♦ • • • —

# III אקט.

(שטעללט פאהר מאטילדעס באדאר: רעכטס שטעהט איין עלעגאנטע קאנאפע מיט צווייא פאטעלס, נעבען איהר אשען געשניטצט טישעל, אויף וועלכען אלבאמען אונ ביכער ליגען — לינקס — אשענער וואשטיש מיט אהויכען שפיעגעל ארום דיא שניטצערייען פון דעם שפיעגעל אויף קליינע פאליצים שטעהן אויסגעשטעלט פערשיעדענע פערפאמעריען, שמעקענדע זייפען אונ באנקעלען מיט פאמאדע, צאהנפולפער א. ד. ג. אום אונטערגרונדע שטעהט אויף אטישעל אגרויסע שטייג, אין וועלכען עס געפינט זיך אפאפאגאי — פרץ, געקליידעט אין אשווארצען פראק, וואס ליגט אויף איהם לעפיש אין אפאאר ברייטע שווארצע הויזען אין אלאנגע ווייסע שזילעט ווייסע גרויסע קראגען שטעהענדיג מיט גרויסע שפיטצען „א—לא פאטערמערדער“ פארשליעסען פון ביידע זייטען באוואקסענע באקען, אזוי אז ער קען דעם קאפ נישט אויסדרעהען; אויף דעם האלז איין איבערנאטירליך גרויסען קראוואט פון פערשיעדענע פארבען — אהן אהיטעל — דיא גרויסע ווייסע מאנשעטען קריכען ארויס פון דיא ארמעל אין פארדעקען דיא האלבע הענד — ווייסע וואללענע האנדשוה אויף דיא הענד, נאר דיא פינגער זעננען גלייך, וויא ער קען זייא ניט



אנבייגען — וועהרענד דער פארהאנג געהט אויף שטעהט ער אין מיטען סאלאן קוקט זיך ארום פון אללע זייטען אונ מיט אזעלבסט צופריעדענער מיענע בעוואונדערט ער אונ קוועלט פון אללעמען וואס ער זעהט — ער קוקט זיך אום אויף זיין קוסטים אונ ווייזט איינע נאיווע צופרידענהייט).

פרץ — אט אזוי, אט אזוי! אדאס הייסט אוואגען, אדאס הייסט אלעבען! — בין איך דען פריער אויך ניט אומשטאנדע געוועזן אזוי צו וואגען? — נאר מיין וויסטע מלמדקע, דיא חסידה האט מיך ניט געלאזט — ביי איהר האט מען דאך אלדינג ניט „געטארט“ — ווען זיא וועהט מיך אצינד, אוואא וואלט זיא שוין פארגלאנצט איהרע פרומע אייגעלעך אונ וואלט מיר אנגעמיוקעט אפיללען קאפ מיט איהר וויינענדיגען נגון: „אונ וועה איז מיינע אויערען וואס הערען דאס!“—. אבער דיא היינטיגע מיינע, וויא הייסט זיא, דיא מאדאמניצע, זיא פיהרט מיך אליין אויף דיא דרכים אונ רעט מיט מיר פראנצעזיעריש, אונ רופט מיך ניט וויא יענע: פרץ? „צו הארכסטו דיר זאג איך!“ דיא היינטיגע רופט מיך טאקע מאציא, מאסיא, פרציאי, — אתענוג בנאמנות! — זיא זאגט מיר מאציא קויפען זיא מיר דאס אונ דאס, פרציאי איך ברויך נאך געלד! אונ איך ענטווער אויך אללע מאל — וואי, וואי! — איך בין שוין טאקע געווארין, מחילה, אגאנצער דייטש, וואס זאג איך? — איך בין שוין געווארין טאקי אגאנצער פראנצויז אונ רעד שוין אויך פראנצעזעריש: „געהען זיא צום קוקוק!“ — הערט אלשון פון אב... ניין, דאס שמעקט עפים מעהר נאך דייטשמעריש, נא יאה! איך בין נאך מעהר, ס׳הייסט אפראנצייזישערישער דייטש! ... (ער שפאצירט איבער דעם צימער אונ פייפט) אתענוג בנאמנות איך מעג פייפען אונ ביי יענער האט מען אין אידישער שטיב נישט געטארט פייפען — — (ער פייפט ווייטער) נאר מיין פריעדעל, דער משרת, דעם נעהמט דאס אללעס נאך נישט, דאס איז אפערשטאפטע קאפ! איך געוועהן איהם אויך אפילו צו ביסלעך: ער געהט שוין ביי מיר אנדערש געקליידעט — נאר, עיקר שבחתי מען דארף זיך איהם אויך באנייען מיט אדייטשמערישען נאמען, עס פאסט גאר ניט ביי אזא דייטש וויא פרציאי זאלל זיין אמשרת מיט אפראסט יודישען נאמען פריעדעל (ער קראצט זיך אונטערן בערדיל אונ זינגט מיט אגמרא נגון) נא? — וואס זשע פאר אנאמען גיט מען איהם דא? — ווארט, ווארט וויא אזוי זאלל איך דא לערנען דעם פשט — הא? — נשמר דער פשט איז גאר פשוט: אזוי וויא מיין מאדאמניצעס דינסט הייסט קלעמענטינא, יאה קלעמענטינע! וואלט ער באדארפט הייסען

אויף דייטש פרידעלינע — — ווידער פריעדעל, דער יוד קען מיר ניט ארויס פינעם קאפ —. מוז ער הייסען קלעמע פרידעלינע — טפא! שטענדיג דרעהט זיך מיר דער פריעדעל דער וויסטער, חאפט איהם דער רוח איך וועל איהם פשוט רופען קלעמעניש! לאז איהם קלעמען ביים הארץ ביי דיא קישקעס — ע קלעמעניש: קלעמעניש! — נאר דער בהמה וועט זיך דען אנשטויסען? (ער געהט צו צום גלעקיל, וואס שטעהט אופין טיש אונ קלינגט) אתענוג בנאמנות אגלעקיל! מען קלינגט, מען פארשפארט נאר צו שרייען (ער קלינגט) נאר דיא בהמה וועט זיך דען אנשטויסען וויפיל איך וועל איהם לערנען (ער קלינגט אונ שרייט) קלעמעניש! פרידעלינא! קלעמען — פרידעלינא! פרידעל (פריעדעל ערשיינט) וויפיל מאל וועל איך דיך לערנען אז מען קלינגט דארפסטו אריינקוממען! —

**פריעדעל** (קוממט אריין נאכלאססיג — טראגט שיך מיט קאלירטע לאנגע זאקען, שמאהלע געפאסטע הויזען ביז אין דיא קניע, א געלען פראק מיט לאנגע פאלים — א גרינע גרויסע זשיליעט — אויך שטעהענדיגע גרויס שפיצעדיקע קראגען מיט א גרויסען קאלירטען קראוואט — אופין קאפ א ווייסען צילינדער) בעל הבית אט זאג איך!

**פרץ** — ווידער „בעל הבית"? דוא האסט דאך געהערט וויא מען רופט מיך היינט מאציא, פרציא! —

**פריעדעל** — פיציע? עסט מען זיך גאר!

**פרץ** — בהמה! מאסיע, פרציע וואס פארשטעהסטו דא ניט ס'איז אנאמען מיט איין אונטערשלאק.

**פריעדעל** — פיציע מיט אונטערשלאק! — אט זאג איך! —

**פרץ** — נא זאג שוין זאג —.

**פריעדעל** — פאר וואס געהען מיר אין צווייא האלבע פאלעס? לאמיר זיך ביידע צונויפלעגען וועללען מיר האבען אגאנצע קאפאטע —

**פרץ** — געה רעד מיט א בהמה ער רעדט נאך! וואס פאר אפנים האסטו געהאט פריר אונ וואס פאר א פנים האסטו אצונד? — היינט קוק מיך אן וויא אזוי האב איך אויסגעזעהן פריר אונ וויא אזוי זעה איך אויס אצונד? (ער טוהט זיך א דרעה).

**פריעדעל** — וויא א משוגענער קאמעדיאנט! —

**פרץ** — געהן זיא צום קוקוק! קען זיין אנגעלייגט ביי א זוי בהמה? — איך ווייס איך טאנץ אזש פאר שמחה (ער געהט צו טאנצענדיג צום שפיגעל אונ נעהמט אראפ א באנקעלע פאמאדע) קוק אן! האסטו עס אפילו געזעהן ביי דיין באבען, דוא ווייסט אפילו וואס דאס איז? —.



**פריעדעל** (באטראכט עס) ביי מיין באבען האבען מיר עס טאקע ניט געזעהן, נאר ביים שוסטער — יאה! מען שמירט זיך מיט דעם דיא שטיוועל! —

**פרץ** — בהמה! דאס הייסט כל מדוה מען שמירט זיך מיט דעם, דעם קאפ — נעהם זשע דיר דאס גוט אין קאפ אריין —.

**פריעדעל** — פאר וואס אין קאפ אריין? — לאמיר בעססער עפים נעהמען אין מויל אריין! —

**פרץ** — מיר דארפין ווארטען ביז דיא מאדאמניצע וועט רופען צום עססין, זיא איז מיד; זיא איז ערשט געקומען געקוממען פון דיא בעדער —

**פריעדעל** — בעל ה... ע פיציע מיט אונטערשלאק! — אט זאג איך! — פאר וואס, אז יענע בעל הביתטע איז געגאנגען אין באד איז זיא באלד אהיים געקוממען אונ עס האט געקאסט אין גאנצען דרייא גראשען אונ דיא בעל הביתטע...

**פרץ** — שטיל! — זיא הייסט ניט בעל הביתטע — דער נאמען „בעל הביתטע" איז געשטארבען.

**פריעדעל** ברוך דין אמת!

**פרץ** — זיא הייסט מאדאמניצע פארשטאנדע ווא? —

**פריעדעל** — לאז זיין מהנשתנהצע — יאה! אונ אונזער מהנשתנהניצע האט זיך אזוי לאנג געזאמט אין באד, אפשר א האלב יאהר אונ מיר האבען איהר נאך איבערגעשיקט אזא סך געלד אונ נאך אמאל געלד אונ ווידעראמאל גע...

**פרץ** — בהמה! ווייל יענע איז געוועזען אין א באד אונ דיא אין דיא באדער אונ א סאך באדער קאסטען א סאך געלד פארשטאנדע וואי? —

**פריעדעל** — וואי, וואי! וואס זשע האבען מיר געהאט דערפון? —

**פרץ** — געהן זיא צום קוקוק! —

**פריעדעל** וויא וואנט ער? — אונ וואס זאללען מיר איהם זאגען? —

**פרץ** — גוואלד געשריגען, אז דוא קענסט קיין דייטש ניט, וואס קען איך טהון מיט דיר — דוא בהמה דוא ועהסט, אז דא אין שטיב איז אלדינג דייטש, איך אליין בין שוין אויך געווארען א געבוירענער דייטש, דוא געהסט שוין אויך אנגעטהון דייטש אונ דוא — יאה מחשבתון, אונ הייסט שוין אויך א דייטשען נאמען! —

**פריעדעל** — מזל טוב! —

**פרץ** — דוא הייסט שוין מעהר ניט פריעדעל, דער נאמען פריעדעל איז געשטארבען אויף טויט.

**פריעדעל** — געביך! ברוך דין אמת! —

**פרץ** — ווייסטו וויא אזוי דוא הייסט שוין אויף דייטש? — אנא טרעף! ... — — — ק — ק (שנעלל) קלעמעניש! —

**פריעדעל** (טהיט זיך אחאפ מיטביידע הענד ביים בויך) אוי, אוי, אוי! —

**פרץ** — וואס איז? —

**פריעדעל** — עס קלעמט מיך טאקי ביים בויך איך בין אזוי הונגעריג —

**פרץ** — ווילסטו געהן עססין מוזטו פריער אנטהון דיא הענעשקים — מען מוז איהם אלץ לערנען; אונ איידער דוא וועסט אריינקוממען זאלסטו פריער אנקלאפען אין דער טיהר — פארשטאנדע וואי?

**פריעדעל** — וואי, וואי! — אוי! איך האב שוין באלד קיין כח ניט צו וואיען — איך בין אזוי הונגעריג ... צו וואס טויגען אונז צום עססין גאר העגעשקים? —

**פרץ** — אמינדסטע זאך פארשטעהט ער ניט! — נא געה שוין בהמה!

**פריעדעל** — פאר וואס זענגען מיר בהמות? (ער געהט ארויס לינקס).

**פרץ** (אליין) אזא בהמה! געה גיב איהם צו פארשטעהן — אז איך אליין פארשטעה אויך ניט אין גאנצען, וואס דא געהט פאר — עפים בין איך וויא צעדילט, ס'איז מיר טאקי גוט, נאר ס'איז אבער עפים, איך וויים אליין ניט וואס — עפים ציהט מיר דאס הארץ, עפים רעד איך דייטש, עפים האב איך ליעב, עפים, עפים בין איך צופריעדען — (פרידעל קלאפט אין דער טהיר מיט אשטיק האלץ) הא הא — ער קלאפט שוין מיין בהמה — נא גענוג גענוג — גענוג געקלאפט זאגט מען דיר — קום אריין — קום שוין אריין! —

**פריעדעל** (קוממט אריין מיט א פאאר ווייסע האנדשוה לעפיש אנגעטהון אויף דיא הענד — צווישען דיא עלענבויגענס טראגט ער א גרויסען שייטהאלץ).

**פרץ** — וואס איז דאס? — מיט אשייט האלץ האב איך דיר געהייסען קלאפען? בהמה! מיט דיא פינגער קלאפט מען אן! —

**פריעדעל** (וויינענדיג) מיט דיא פינגער? (ער לאזט ארויס דעם שייטהאלץ) וויא האבען מיר שוין דען פינגער? — אט קוקט אן (ער ווייזט איהם א האנד, אויף וועלכער איז אנגעטהין א הענשקע, אין וועלכער אין איין פינגער זעננען אריין צוויא) ערשט ניט לאנג האב איך געהאט געווינטע פינף פינגער, אצונד איז איינער אויסגעהאפט געווארין הינטער מיינע הענד איך וויים ניט וויא? — *)

*) אין אמעריקא אונ אין רומעניען מעג זיך דער קאמיקער ערלויבען צו מאכבן דיא קאמישע סצענע מיט דיא הענשקעס, וועלכע איז שוין אלל בעקאנט —.



**פרץ** — אט האסטו דיין פינגער אונ געה! —

**פריעדעל** — ע פיצ'יע אט זאג איך! — וואס טויגען אונז דיא הענשקעס אז מיר זענגען הונגעריג?

**פרץ** — אט באלה, באלד וועט אויפשטעהן דיא מאדאמניצע וועללען מיר געהן עססין (ער רעט צו זיך) אמעהר איך וויים באמת ניט וואס זיא שלאפט אזוי שפעט? -- פון נאך דער חתונה אן האב איך מיט איהר אפילו ניט רעכט גערעט, אפילו ניט רעכט אנגעקיקט — באלד האט זיא מיר געזאגט, אז זיא איז געפעהרליך קראנק, זיא מוז פאהרען אין דיא בעדער — געכטען איז זיא צוריק געקוממען אונ האט זיך באלד געלייגט שלאפען אונ שלאפט נאך — קלעמעניש! קום לאמיר צו געהן צו דער טיהר פון איהר שלאפצימער אונ זעהן צו זיא שלאפט נאך — גאר שטיל, אויף דיא שפיטץ פינגער (פרץ געהט פריר, פרידעל געהט איהם נאך אויף דיא שפיטץ פינגער אין זועהרענד זייא קוממען צו רעכטס צו דער טהיר קלאפט אן פרץ מיט דיא פינגער אין דער טהיר שטיל) (צו פרידלען) מען דארף שטיל קלאפען (ער טהיט אגעשרייא) עי! איז דיא מאדאמניצע שוין אפגעשטאנדע וואי? — הא? — וואי? —

**פריעדעל** — שטאנדע וואי? — וואי? —

**קלעמענטינא** — (ערשיינט אויף דער טהיר) דיא מאדאם איזט נאך ניכט אנגעצאגען (אב).

**פרץ** (מיט א שמחה צו פרידלען) קלעמעניש באגראב דיך! דוא הערסט אלשון? זיא איז נאך נישט אנגעצויגען — גיב אהער א שליסעל לאמיר זיא געהן אנציהען — דיא מאדאמניצע איז נאך גיכט אנגעצויגען! — הער אלשון — אנגעצויגען — גיין, איך קען מעהר גיט אויסהאלטען אזוי וויא דערלעב איך זיא שוין צו זעהן (ער שלעפט פרידלען ווידער צו אויף דיא שפיטץ פינגער צו דער טהיר אונ טהיט א געשרייא) מאדאמניצע! ליעבע מאדאמניצע קאמען זיא שוין אמאל אראפ צו נאנו!

**פריעדעל** — צו - נאנו!

**מאטילדא** (פון דיא קאליסען) אטאנדע!

**פריעדעל** — ווער הייסט פון אונז אדרע?

**פרץ** — בהמה! פאר וואס פארשטעה איך — ס'הייסט איין דרעה מיטען שליסעל קוממט צו באלד ארויס (שרייט אין דער טהיר) וועלדען זיא שנאל ארויסקאמען? —

**פריעדעל** — קאמען שנאל?

מאטילדא (פֿון דיא קוליסען) אָי !

פרץ קְלֶעמֶענִיש בַּאגְרָאבּ דיךְ! דוא הֶערְסט ? — וָואי וָואי ! וָאנ נָאךְ.

פריעדעל וָואי וָואי ! — וָואס וְשֶׁע, דיא בַּעַל הַבָּיתֶטע ,קֶען אויךְ אַזוֹי וָואיֶען וִויא מִיר ? — (זייא שפּרינגען פּלעצליך אפּ פֿון דער טהיר מיט שרעק אונ שטעללען זיך פֿון ווייטען מיט רעספּעקט ; ווייל

מאטילדא (קוממט אריין אין איין עלעגאַנטען שלאפֿראָק, טראָגט אַ גאָלדענעם פּענסנעי מיט דונקלע גלעזער, אונ אויף דיא הענד אַ דאַמענהינטכען — זיא שפּאַנט שטאָלץ צו אונ זעטצט זיך גראציעז אין אַ פֿאָטעל) פָּאי ! דַאס אִיזט נִיכְט נָאבֶּעל ! —

פרץ (ערשראָקען) חָלִילָה! מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעגֶעסֶען ,קיין ,קְנָאבִּיל.

פריעדעל — נִישְׁט ,קיין צִיבֶּעלִים הַלְוַאי וֶעהֶען מִיר ,עֶס שׁוֹין —.

פרץ (געהט צו מיט דרך ארץ צו מאטילדען אונ וויל זיא אַ גלעט טהון).

מאטילדא (בייז) פַּאקֶען זִיא זִיךְ פָּארְט!

פרץ — מִיר הָאבֶּען שׁוֹין אוֹיסְגֶעפַּאקְט אַלֶּע ,קִיפֶּערְטִים — ,עֶ — וָואס טוֹ'ג אַייךְ חָלֶעבֶּען, דֶער טָמֵא כֶּלֶב אִיהְר שְׁמִירְט אַייךְ אוֹים אַייֶערֶע גִילְדֶענֶע הֶענְטְלֶעךְ מִיט דֶעם הָאנְדְיָא! —

מאטילדא — וַוא־אַס ? — מַיין מָאצְיָא אִיסְט רֵיינֶער אַלְס זִיא! (זיא גלעט צערטלך אונ קישט דאָס הינדכען) מַיין טְהַייֶערֶער מָאצְיָא! —

פרץ — ,קְלֶעמֶענִיש דוא הֶערְסְט ? — „מָאצְיָא!"— דָאס מֵיינְט זִיא מִיךְ — בַּאגְרָאבּ דיךְ (צו מאַטילדען מיט אַ שמייכיל) פַּארְשְׁטֶעהְט אִיהְר מִיךְ, אִיךְ מֵיין, דַארְפְט אִיהְר גְלֶעטֶען דֶעם הָאנְדִיאָ אַמֶעהְר גְלֶעט מֶ'ךְ בֶּעססֶער וֶועט אִיהְר מֶעהְר מִצְוָה הָאבֶּען! — (ער געהט צו נעווענטער).

מאטילדא — נַא, נַא ! רֶעסְפֶּעקְט ! —

פרץ — וֶוער פַאפְלֶעקְט ? — דֶער טָמֵא כֶּלֶב פַארְפְלֶעקְט אַייךְ נִיט אוּנ אִיךְ — יָאה ? אִיז דָאס אַ יוֹשֶׁר ? אִיהְר ,קָאסְט מִיךְ אַזוֹי פִיעל גֶעלְד, בִּין אִיךְ דָאךְ בִּילֶכֶער פוּן דֶעם כֶּלֶב — פֶע וַוארְפְט אִיהְם אַוֶועק ,עֶר ,קֶען אַייךְ נָאךְ אַ בִּים טְהוּן — ,קְלֶעמֶענִיש נֶעהְם אִיהְם צוּ.

פריעדעל — (געהט צו אונ רייסט ארויס דאָס הינדכען עס בייסט איהם אונ לויפֿט אוועק) בַּעַל הַבָּיִת! מְ'בַּייסְט אוּנְז!

מאטילדא — אַי, אַי, אַי! (פֿאַלט אין אָהנמאַכט).

פרץ וָואס אִיז ? — וֶועה אִיז מִיר ! —

מאטילדא (שוואך) ,עֶס אִיסְט מִיר אִיבֶּעל ! —

פרץ — ,קְלֶעמֶענִיש גִיךְ גִיבּ אַהֶער דֶעם הִיבֶּעל ! — מְ'דַארְף זִיא אַבִּיסֶעל אָפְּהִיבְּלִיעוֶוען ! —



מאטילדא — קְלֶעמֶענְטִינַא ! שְׁנֶעל דֶען דָאקְטָאר וְשֶׁע וָוא פְּרִי !

פרץ — גִיכֶער דֶעם דָאקְטָאר פַּארְפְּרִי — גִיכֶער זִיא אִיז ,קְרַאנְק וֶועה אִיז מִיר ! ,קְלֶעמֶענִיש גֶעה פוּן ,יֶענֶער זַייט הַאלְט זִיא צוּ, הֶעלְף מִיר !

פריעדעל (געהט פֿון דער אנדערער זייט, וויל זיא אָננעהמען בייא דער האַנד, זיא וואַרפֿט קאָנוואָלסיוו מיט דיא הענד פֿוןביידע זייטען אונ דערלאַנגט ווייא קלעפּ אין פּנים) בַּעַל הַבָּיִת מְ'שְׁלָאגְט אוּנְז! —

פרץ — הַאלְט זִיא צוּ (זיא וואַרפֿט אלץ מיט דיא הענד צו זייא אין פּנים).

פריעדעל — בַּעַל הַבָּיִת מְ'נֶהֶרְגְט אוּנְז! — (דער דאקטאר קוממט אריין — לעגט אוועק דעם הוט — גרייפֿט זיא ביים פּולס).

פרץ — אָט אִיז דֶער דָאקְטָאר פַּארְפְּרִי —

מאטילדא — הֶערר דָאקְטָאר וָוא ,קָאמְפְּרֶענְע ? ...

פרץ — גִיךְ אַיין אַיי, ,קְלֶעמֶענִיש, דֶער דָאקְטָאר וִויל זִיא אוֹיסְקְוִויקְלֶען — סְ'אִיז אַנוּטֶע סְגוּלָה! פַּאנִי דָאקְטָאר ! אִיהְר וַוייסְט דָאךְ ,יָאה אַ,קְרֶענְק !— וָואס פַאר אַחַלַהַת הָאט ,זִיא ? —

דאקטאר — הֶערְצְקְלָאפֶּען ! —

פרץ — וָואס וְשֶׁע ,קְלָאפְּט זִיא גָאר מִיט ,דִיא לַאבֶּעם ? —

דאקטאר — זִיא אִיסְט נֶערְוֶועז ! —

פרץ — בֵּייז ? — וָואס הָאט זִיא בֵּייז צוּ זַיין ? — זִיא הָאט אַלְדִינְג וָואס זִיא זָאגְט אַרוֹים —.

מאטילדא (פֿאָכט זיך מיט דיא הענד אין געזיכט) לוּפְט ! לוּפְט ! —

פרץ — ,קְלֶעמֶענִיש לָאמִיר אִיהְר אַרַיינְבְּלָאזֶען לִיפְט (זייא צו לויפֿען זיך אונ בלאָזען אויף איהר לופֿט).

מאטילדא — דֶען וַואגֶען ! —

פרץ — רֶעט וְשֶׁע אַזוֹי, דֶער מַאגֶען אִיז אִיהְר ,קָאלִיע —

דאקטאר — נֵיין זִיא וִוינְשְׁט דֶען וַואגֶען צוּ פַאהְרֶען —

פריעדעל — הַא הַא! זִיא וִויל אִין מַאגֶען פַאהְרֶען —

מאטילדא אַיין פִיאַקֶער !

פרץ — דֶעם ,קְנַאקֶער ! ,קְלֶעמֶענִיש, רִיף אַרַיין דֶעם ,קְנַאקֶער וֶועלְלֶען מִיר פָאהְרֶען —.

מאטילדא — נֵיין — דֶער הֶערר דָאקְטָאר וִוירְד מִיךְ בֶּעגְלַייטֶען ! —

פרץ — דֶער דָאקְטָאר זָאלְל אַייךְ גְלֶעטֶען ? — וָואס דַארְפְט אִיהְר אִיהְם ?— אַמֶער וֶועל אִיךְ אַייךְ גְלֶעטֶען ? —

דאקטאר — נֵיין זִיא מוּס פַאהְרֶען מִיט מִיר —.

פרץ — נָא, לָאז זַיין מִיט אַ,קָאזַאק אַבִּי צוּם לֶעבֶּען ! —

**מאטילדא** (שטעהט אויף, דער דאקטאר רייכט איהר זיין ארם — — זיא געהט צו צום פאפאגאי) מיין גוטער קאה קאה — דא ווינשט צוקרא, צוקרא ? — (זיא גיט איהם א שטיקעל ציקער —ביים פארטגעהן ווענדעט זיא זיך מיט איין ליעבעל לעכעלן צו פרי'ן — ער בעמערקט עס אונ טאנצט פאר פריידע — זיא שטרעקט אויך איהר האנד און דערלאנגט איהם איהר שפיטץ פינגער — ער געהט זיא מיט פריידע, לאנגזאם נעהמט זיא אן ביים שפיטץ פינגערעל אונ טהוט דעם א קיש).

**מאטילדא** (דיא האנד שנעלל ארויסרייסענד — אבגעהענד מיטען דאקטאר געארמט) אדיע ! (אב).

**פרי'ן** — אדיא !

**פריעדעל** — אציא ! (טהוט א ניס) — פיציע ! אט זאג איך ! — פאר וואס גיט זיא דעם פויגעל צוקער אונ אונז ניט אפילו א שטיקעל ברויט ? —

**פרי'ן** — בהמה ס'איז ניט קיין פויגעל — ס'איז א גלגול פון דער באבען, זיא הייסט באבענאי !

**פריעדעל** — דאס דערצעהלט מען דער באבען אונ מיר זאגען אז דאס איז א קאטשקע, לאמיר זיא קוילען וועללען מיר האבען וואס צו עססען,—

**פרי'ן** (צו לייגט זיך אין א פאטעל אונ סאפעט אפ) פא א ! איך האב מיך גוט אנגעמארדעוועט, ס'איז אבער כדי — זיא האט מיר געגעבען א שפיטץ פינגעריל — א שפיטץ, פינגעריל — א ! איז דאס געוועזן א פינגעריל! קלעמעניש, באגראב דיך ! וואס זאגסטו צו דעם שפיטץ פינגערל ? — הא ? — אדיא ? —

**פריעדעל** — אציא ! — פיציע ! אט זאג איך.—

**פרי'ן** — יעצט מעגסטו דיר שוין פרעגען, וואס דו ווילסט ! —

**פריעדעל** — פאר וואס האט זיא דעם דאקטאר געגעבען דיא גאנצע האנד, אונ אונז נאר א שפיטץ פינגעריל ? —

**פרי'ן** — ווייל — דוא ביסט א בהמה (הייבט זיך אויף ארויסצוגעהן) פרעג ביי איהר דינסט דיא דייטשקע קלעמענטינא, וועט זיא דיר דאס גיבען צו פארשטעהן, ווייל איך בין צודולט, איך וויל מיך געהן א ביסעל אויסרוהען, איך בין וויא אויף דעם עולם התוהו — קלעמעניש ! א שפיטץ פינגעריל (אב). —

**פריעדעל** — געה דיר מיט דיין שפיטץ פינגעריל, מיט דיין מאציא, מיט דיין באבענאי מיט דיין ...

**קלעמענטינא** (קוממט אריין געקליידעט עלעגאנט וויא איין שטובמעדכען, זיא געהט צו צו פרידלען — ער ענטלויפט, ענדליך נעהערט זיא זיך צין איהם מיט איין ערנסטער מיענע) פריעדעל, שוי מיך מאל אן ! —

**פריעדעל** — (נישט קוקענדיג צין איהר) איך הער דיך וויא דעם קאטער ! —



**קלעמענטינא** (פאר זיך) ער איזט עטוואס דום, אבער בראוו, איך האבע איהן ווירקליך גערן (צו פרידלען, הויך) אבער פרידעל, שוי מיך 'מאל אן —

**פריעדעל** — וואס דילט זיא מיר דעם ראש דיא דייטשקע ? — וואס וויל זיא פון מיר ? זיא האט שוין דערזעהן ביי מיר א פאאר הענשקעס ?—

**קלעמענטינא** — אבער ניכט זא שטרענג ! שענקע מיר נור איין וואָרט!—

**פריעדעל** — שענקען וועל איך דיר מיינע צרות — שענק מיר בעססער עפיס וואס מ'האט געקאכט ?

**קלעמענטינא** — אה ! איך ליעבע דיך פאם גאנצען הערצען ! —

**פריעדעל** — א גדולה אויף דיין באבען ! — וואס האט זיא זיך צו מיר צוגעטשעפעט ? — אפשר ווילסטו מיך אויך אזוי מיטשען וויא דיין מהגשתנה מיטשעט מיין פיציע ? — איך וויל ניט קיין דייטשקים מיט קיין וואי, וואי ! —

**קלעמענטינא** (מונטער) „וואי !" זאגסט דוא ? — יאה ? — ווידערהאל דאס נאכאיינמאל ! — ווירסטו דאס ווידערהאלען ? —

**פריעדעל** — יאה געדראלען אונ געשוואלען מעגסטו ווערען וויא א בארג וועט עם מיך אויך ניט ארען — גיין ! —

**קלעמענטינא** — ניין זאגסט דוא ? — מיך קאנסט דוא רעפיזירען ? —

**פריעדעל** — מעגסט קראפירען לאז זיין אזוי — איך קען אויך דייטש.—

**קלעמענטינא** (פאלט אין א פאטעל אהנמעכטיג) — אה ! ... אה ! —

**פריעדעל** — (קרימט זיך איהר נאך) אה ! אה ! — ווארט, ווארט אט וועט באלד קוממען דיין מהגשתנה'ס דאקטאר פארפרי וועט ער אייך שוין ביידע ראטעווען.—

**קלעמענטינא** — אה ! אה ! —

**פריעדעל** — זיא פארוואַרפט שוין מיטען קעפיל ! — ביי אונז אין געמעראוו ווען 'דער חברה שמש זאלל שוין זעהען אזוי פארווארפען מיטען קאפ, וואלט ער זיא באלד מטהר געווען אונ צוגעקלאפט מיט דער לאפעטע.

**קלעמענטינא** — — איך שטערבע.—

**פריעדעל** — צדקה תציל ממות ! ! —

**קלעמענטינא** — (פאכט זיך מיט דיא האנד) וואססער ! וואססער !

**פריעדעל** — קראנק ביסטו זיך אליין צו געהמען ? — ביסט אויך אזא משרת וויא איך ; דער חלוק איז נאר צווישען אונז, וואס דוא ביסט זאט וויא א פערד אונ איך בין הונגעריג וויא א הונד ! —

**קלעמענטינא** (מיט אַוויינענדיגע שטיממע) וואַרט דוא דומער קערל! — וואַ ווערדע איך ווייגען אונד וויינען (אב).

**פריעדעל** וויין, וויין עס רייסט מיך גאר ביי די פּיאַטעס — הלוואי וואָלט איך דיך נישט געווען געקענט מיט דיין מהגשתנה וואָלט איך פאר־שפּאָרט אַזוי צו הונגערן אין דיא הענשקעס.—

**פּרינץ** (קוממט אריין שטארק פארטראכט — רעדט צו זיך — טהוט זיך אַקלאַפּ אופין שטערן באַלד אויף דיא האַנד) צו אום, צו —גראַד? — צו יאָה, צו — ניין? — ווען איך זאָלל האָטש וויסען אַז דאס פּינטעלע איז דאָ — וואָלט שוין אַללעס כדי געווען — ס׳הייסט פאר מיין גאַנץ פארשוואַרצט ווערען, פאר מיין גאַנץ אויסברענגען זיך אויף איהר צו איז דאָ ביי איהר אין האַרצען אַזאַ קליין פּינטעלע ליעבע צו מיר? ... (ער טראכט) קלעמעניש! — ווען עס זאָלל האָטש זיין אַדאָס קליינע פּינטעלע — האַ? —

**פריעדעל** — אַוודאי ווען עס זאָלל זיין האָטש אַקליין פּינטעלע וואָלט שוין גוט געווען.—

**פּרינץ** (זינגט) „חוויים ניט וואָס?
וואָס איז דאָס?"
— פרעגט זיין ווייב דער מאַן —
„— עס פעהלט דאָך דיר
„גאָר ניט ביי מיר·
„וואָס דוא ווילסט מוז זיין! ...
„און דאָך האָסטו קיין הנאה פון אַללע גליקען,
„און מיך, דיין מאַנן, ווילסטו אפילו ניט אַנקיקען ...
„וואָס פעהלט דיר, זאָג! וואָס ביסטו אַזוי צוטראָגען?
„— דעם אמת ווילסטו, מאַנן, זאָלל איך דיר זאָגען:
„יאָה — ווייל עס פעהלט מיר אַדאָ אין הערצען אַדאָס קליינע פּינטעלע! ...
יאָה ווייל דער נחת און פערגניגען פערוועהט וויא אַווינטעלע,
ווען עס בלייבט האָטש אַדאָ אין הערצען אַדאָס קליינע פּינטעלע.

---

כ׳וויים ניט וואָס?
וואָס איז דאָס?
אַליעבער יונגערמאַן,
אַשאַרפער מח,
אַקינסטלער אויך,
געלערענט, אָבער פיין!



עס ליעבט איהם אַמיידעלע וויא איהר גאַנץ לעבען,
און איהר פאַטער וויל איהם ניט פאַר אַמאַן איהר געבען;
ער זאָגט איהר: — טאָכטער! מעגסט וויא וויינען, קלאָגען,
ניט געהמען וועסטו איהם! פאַר וואָס? וועל איך דיר זאָגען;
ווייל עס פעהלט איהם דאָ אין דער טאַשע אַדאָס קליינע פּינטעלע! —
דען דיא אַללע, יאָה, גוטע מעלות איז פּאַ! וויא אַווינטעלע ...
ווען עס פעהלט איהם אין דער טאַשע גאָר דאָס קליינע פּינטעלע.

**פריעדעל** — (זינגט צו פּרינץ).

וואָס איז דאָס?
בעל הבית,
פרעג איך אַליין ביי אייך?
איהר האָט דאָך פּאַק,
אין אייער זאַק,
פּינטעלעך אַסך,
ווער וואָלט גאָר אויף אַזוינעם געקענט דאָס גלייבען,
אַז איהר האָט ניט קיין הנאה פון אייער לעבען,
וואָס פעהלט אייך דען, וואָס דאַרפט איהר אייך קלאָגען.
איהר ווייסט ניט? ניין? פרעגט מיך וועל איך אייך זאָגען;
ווייל עס פעהלט אייך אין דיא געהירען גאָר דאָס קליינע פּינטעלע ..
דען דאָס פערמעגען און עשירות פערוועהט וויא אַווינטעלע,
ווען עס בלייבט האָטש אין דיא געהירען, גאָר דאָס קליינע פּינטעלע.

**פריעדעל** — פּיציע מיט אונטערשלאַק! אָט זאָג איך! — פאַר וואָס אַללע נעכט פון אַגאַנץ יאָהר אַז מיר ווילען עססען מיר איינמאָל און אַז מיר ווילען עססען מיר אַסך מאָל, און היינטיגע נאַכט ווילען מיר אַסך מאָל עססען, און עססען ניט אפילו אי איין מאָל? —

**פּרינץ** — געהען זיא צום קוקוק! (מען הערט פון דעם צווייטען צימער שטיממען פון געסט וואָס שאַמפּאַנירען).

**פריעדעל** (קוקט אריין איבעראַש אין דער ריכטונג פון וואַנען דיא שטיממען קומען) אָט געהען שוין אַסך קוקוקים און אונזער קוקוקטע געהט אויך צווישען זייא — זיא איז דאַכט מיר שכור! —

**מאַטילדא** (קוממט אריין מיט אַקעלך שאַמפּאַניער אין דער האַנד כלומערשט שכור אין בעגלייטונג פון איהר קאַוואַליר אין פראַק, וועלכער האַלט אייך אַגלאַז און פאַלט פון דיא פיס — עס לאָזען זיך אריין פיעלע קאַוואַלירען און דאַמען באַללמעססיג געקליידט מיט דיא גלעזער אין דיא האַנד אין אַהייטערער בערוישטער שטיממונג — מאַטילדא

ווענדעט זיך קעק צו דיא געסט) יא, מיינע הערען אונד דאממען יעצט לעררען
וויר נאך אוים דיא לעצטע פלאשע שאמפאניער און דאן געהן וויר צום
מאסקען־באלל.—

**פרין** — וואס ? צום טראסקען באלל ? ...

**מאטילדא** — נון מיינע הערען אונד דאממען, צום עוויגען אנדענקען מיינעם פערשטארבענען מאנעס, אונד צום עוויגען אבשיעד מיינעם געגענווארטיגען — לעררע איך דאס גלאז — וויוואד ! —

**אללע** — וויוואט ! — (גרופפע: מאטילדא שטעהט אין דער מיט צווישען דיא געסטע מיט איהר קאוואליר — פרין מיט פרידלען רעכטס אין עק).

**מאטילדא** (זינגט) נא קוקט אייך יעצט גוט צו—צו אללעם וואס איך טוה —
און האמט מיר אללע נאך חה חה (bis) געהמט אייך אללע אין אכט (ביס)
און האלט אייך נור גוט אללע אין איינעם אויף דיא פים —
איהר קענט ניט טרינקען גיין;

**קאהר** — מיר וועללען זעהן, מיר וועללען זעהן;

**מאטילדא** — איהר קענט שוין ניט אנשטעהן;

**קאהר** — מיר וועללען שטעהן — יאה (יעדע דאממע אנגעשפארט אויף איהר קאוואליר הויזען זיך פארשכורט וויא מען פאלט פון דיא פים).

**מאטילדא** (זינגט) וויין, וויין, זיסער וויין!
דיר וואלטען מיר געזינגען אליעה,
געהמט מען דיך נאר אין מויל אריין,
ווערט מען דאך שוין באלד טאקי מיד,
געהמט מען דיך נאר אין מויל אריין,
ביסטו דאך צוקער זים,
וויל מען אבער לוסטיג זיין,
צו טאנצען (bis) פאלט מען פון דיא פים,
האלט איהר אייך שטארק ? — **קאהר** — יאה, יאה, יאה! (דאס גאנצע ביס)
(אללע טאנצען אלוסטיגען קאנקאן — ער געהט איבער אין אגאלאפ, און טאנצענדיג גאלאפירען אללע ארוים און פערשווינדען פון דער ביהנע = פרין מיט פרידלען האבען אויך דיא גאנצע צייט געהעפעט אין דערוועלט אריין — און זינגען „הוידי געדוי דאך !״ — און האבען נישט בעמערקט, אז קיינער איז שוין נישטא — ענדליך האבען זייא בעמערקט, אז ניעמאנד איז דא בלייבען זייא שטעהן בעטראפען — זייא קוקען זיך ארום פון אללע זייטען, גלייך ווויא זייא זוכען עפים — און קוקען זיךביידע אן שטוינענד.

**פריעדעל** (פייפט) בעל הבית וואס הייסט דאס ? —

**פרין** — זיא איז אוועק און האט אונז געלאזט אליין.—

**פריעדעל** — ס'הייסט (ער פייפט) זיא האט אונז אנגעפייפט!



**פרין** — (לויפט ארום אונגעדולדיג, פארטראכט. אויפגעבראכט איבערן צימער) קלעמעניש! ברענג אריין שנעללער מיין קאפאליאש מיט מיין איבערציהער — אבער שנעלל ! — (פריעדעל אב) א ווא, א ווא ! — אה! טהייער קאסט מיך מיין שטיקעל יצר הרע ... און איך האב נאך גאר ניט געגאססען פון דעם ... האטש צו זעהן פון איהר איין גוטען קוק ... זיא האט דאך אזוי פיעל גוטע קוקען ! מיט יעדען טאנצט זיא און שכורט, נאר מיט מיר ניט ... (פריעדעל קוממט אן — טהוט איהם אן דעם איבערציהער מיט דעם הוט) יעצט האט זיא מיך געלאזט אליין און איז ענטלאפען אויף דעם — אויף דעם טראסקענבאל ! ... קלעמעניש ! מיר מוזען אויך געהן אויף דעם טראסקענבאל — דארטען מוז איך מאכען איין עק; ענטוועדער זיא זאלל זיין מיינע — אדער, אדער (פריעדעל טהוט אגרויסען פייף) — אדער — יאה ! — (אב שנעלל).

**פריעדעל** (אליין) יאה! דאס וועט ער גיבער פועלען — נא! — איך האב שוין מיין ראלע אפגעשפיעלט.— איך האב מיך בעשטרעבט וויא מעגליך איהם צוריקצוהאלטען, אפ צו היטען און בין געבליבען צום נאר — אזוי פועלען אללע מענשען, וואס זוכען זייערע חברים אפ צוראטהען פון פעהלער: זייא בלייבען נאר נארנים מען הערט זייא ניט, מען וויל אליין זיך פרייען טהון פעהלער, מען וויל זיין א„וואלער יונג“ און דער סוף לאזט זיך אוים—פייפט מען איהם אן — אז ס'איז אוש א גוואלד! —

.1

(ער זינגט) עם פארגליסט זיך גאר אדייטשקע,
אנאנץ רייכען חניאק!
זיא קוואקעט וויא אקאטשקע,
און ער קוועלט אן — דער באק ...
ער טאנצט ווען ער נעהמט ביי איהר נאר אשפיטץ פינגערעל
און ליעבע גיט זיא איהם אמכה!
ער גיבט איהר אוועק ביז אין דעם לעצטען קליגגעריל;
ווייל ער מיינט זיא ליעבט איהם נאר טאקע. (פראזא)

און פאר וואס — טהוט ער זיך אחאפ ביים בערדיל"— פרעג איך אקשי' זאלל מיין ווייב מיך ניט ליעב האבען צום שטארבען ? — פארגעסט ניט אז זיא איז ביי מיר בה"ש שוין דאס צווייטע ווייב, דאס גאנצע צירונג פון מיין ערשטער האב איך דער אוועק געגעבען — דאס הויז פון מיין נאמען האב איך פארשריבען אויף איהר ליעבען

נאמען — מיין גאנץ פערמעגען, וואס איך האב פארהארעוועט מיט מיינע הענד, ליגט שוין ב״ה אין איהרע הענד ! ... אי וואס ? — וואס ? „וואס” — זיא איז אוועק געפאהרען מיט מיין בוכהאלטער און איז נאך נישטא — נא וועט זיא איה״ש קוממען צו וועהמען דען וועט זי קוממען ווען ניט צו מיר —

— זאגט זשע נאר, מיין ליעבער יונגער מאן ! — טיה איך איהם אפרעג וויהין איז זיא אוועק געפאהרען מיט אייער בוכהאלטער ? —

— אויפען שפאציר — קיין אמעריקא ! —

— אי ! —

— נא וואס האט איהר אייך דערשראקען ? —

(זינגט) — אי — אי ! — האט זיא אייך אנגעפייפט ! אי, אי ! האט זיא אייך אנגעפייפט ! —

.2

(זינגט) „וואס זאלל דאס באטאטען ?”

— פרעגט מיין פריינד ביא מיר —

„דוא קענסט דאך דעם אריסטאקראטען,

דעם ציוויליזירטען גביר ! ...

מיין גאנץ קאפיטאל, וואס האב מיר אנגעקליבען,

האב איך ביא איהם אויף אקליינעם פראצענט,

היינט קום איך און פאדער מיין געלד מיר צוריקגיבען,

האט ער מיך גלייך וויא גאר נישט דערקענט ? ... (פראזא)

אוודאי, אוודאי, וואס איך בעט איהם מיט גיטען, גיבט מיר אפ מיין קאפיטאל איך קען עם ביא אייך לענגער ניט לאזען איך מוז דאס האבען — ער וויל מיר אפילו ניט ענטווערען — וואס טוהט מען ? —

— וואס מען טהוט ? — מען טעניתט ניט קיין סך און מען גיבט אן אויף איהם דאס וועקסיל —

„— מען גיבט אן ! — דארף מען דאך פריר האבען אוועקסיל אויף אנצוגיבען — פארגעס ניט, אז וועהרענד איך האב איהם געגעבען מיין קאפיטאל און האב געפאדערט אוועקסיל, האט ער זיך נאך וויא געפינען בעליידיגט — „וויא הייסט ?” — האט ער געזאגט אין דייטשער שפראך — „וויא הייסט, וויא וואגען זיא גאר צו פאדערן ביא מיר איין אקצעפט ? — גלויבען זיא דאס ווען וויר קיינע פאות טראגען אונד קיינע מצות עססען, זינד וויר שאן קיינע מענשען — וויר זינד ציוויליזירט



וויר האבען דאפיר געוויססען אונד אונזער ווארט איזט איין עהרען ווארט !” — האב איך איהם געטרויעט אויף זיין עהרענווארט ! —

— אי אי ! —

— וואס האט איהר אייך דערשראקען ?

— אז איהר האט איהם געטרויעט אויף זיין עהרענווארט אויב אזוי.

(זינגט) אי אי האט ער אנגעפייפט, אוי אוי האט ער אייך אנגעפייפט ! —

.3

אין נעוו־יארק אויף דער שטראססע,

שטעהט און ברעכט דיא הענד,

אפיגור אבלאססע,

אפרוי — כ׳האב זיא דערקענט ! ...

„— האט זיך אייך ניט געטראפען מיין מאנן צו בעגעגענען,

„אין טהעאטער איז ער קאפעלמייסטער,

„ער זאלל אוועק פאהרען מיט מיר זיך ניט געזעגענען ? ...

„ער האט אווייב מיט זעקס קינדער ! — דאס ווייסט ער !”

— נא ? וואס זשע איז פאר איין אונגליק ? דאס ערשטע מאל טרעפט זיך אז אמאנן פאהרט אוועק און פארגעסט זיך צו געזעגענען —

„— יאה ! — זיא איז אבער אויך מיט איהם מיטגעפאהרען וועה איז מיר ד

— ווער איז דיא „זיא ?”

„— טאקע דיא פרימאדאנא ! זייא זעננען, זאגט מען, ביידע פארליעבט — אי, אי ! —

— נא וואס האט איהר אייך דערשראקען ? —

— גאר ניט געהט אהיים ליעבע פרוי, נעהמט צוזאמען אייערע זעקס קינדערלעך און זינגט אין איינעם :

אוי, אוי האט ער אונז אנגעפייפט, אוי אוי האט ער אונז אנגעפייפט ! —

.4

איך געה אמאל שפאצירען,

בעגעגענט מיך מיין פריינד,

„— דוא קענסט מיר גראטולירען,

„איך ווער אחתן היינט,

„אין אחדש ארום ווערט דיא חופה געשטעללט,

„פארגעס ניט איך לאד דיך דארט אן,

„אמיידעלע נעהם איך גאר איינס אין דער וועלט,
„און צעהן טויזענד גולדען נדן!"—

לאז דיר גאטט העלפען — ענטוועער איך איהם — עס זאלל זיין מיט גליק! —

אין א חודש ארום קום איך צו מיין פריינד אויף דער האכציים — נאך דער חופה געה איך צו פרייהליך איהם גראטולירען — איך זעה, מיין חתן זיטצט עפיס פארזארגט און אראפ געלאזט דיא נאז — איך פרעג איהם: וואס איז עפיס נייעס? צו ביסטו עפיס נישט געזונד? צו האסטו עפיס ניט ענטדעקט אחסרון אין דיין כלה? —

— ניין! — ענטוועערט ער מיר — געזונד בין איך, דאנקען גאטט, און א כלה האב איך אויך א וואלע, דאנקען גאטט, נאר דיא צעהן טויזענד גולדען נדן ברודער!

(זינגט) אוי, אוי! האט מען מיר אנגעפייפט, אוי, אוי! האט מען מיר אנגעפייפט (אב).

## 5. פערוואנדלונג.

(שטעללט פאר א גרויסער סאלאן א גאנץ הויכער פלאפאן, שטארק בעלייכטעט — מוזיק שפיעלט אויף א גאלעריע פיעלע פערשיעדענע מאסקעס טאנצען פערשיעדענע טאנצע, מאנכע קוקען צו פון דער גאלעריע, מאנכע שפאצירין ארום און דיסקורירען — צווישען דיא מאסקעס שפאצירט אחיתופל געקליידעט פאנטאסטיש אלס באלעט טענצערין — מאטילדא געקליידעט אין א מיקקאדאה קאסטום מיט אגרויסען פעכער אין דער האנד שפאצירט מיט אדאמע,ביידע האבען מאסקעס האלבע אויף דעם געזיכט וועהרענד דיא מאסקען טאנצען גאלאפ קוממט אן)

**פרץ** (ער שרייט) קלעמעניש, קלעמעניש! — וויא ביסטו ערגיץ? — וויא בין איך ערגיץ (פיעלע מאסקעס חאפען איהם ארום און רדעהן זיך מיט איהם, מאנכע קיטצלען איהם, מאנכע לאכען איהם אין פנים, ער שטעהט פארדילט און קוקט זיך אום שטוינענד פון אללע זייטען) וועה איז מיר! וויהין בין איך דא אריינגעפאללען? — קוק אן: וויסטע פנימער, פארקרומטע צורות! וואס איז דאס? פארשאלטענע מענשען, שדים! — נא? — און אהער איז זיא אויך געגאנגען? ..

**איינע מאסקע** (געקליידעט מיט ברייטע פערביגע טירקישע הויזען מיט א פעס אויפן קאפ איין יונגע שענעס פרויענגעזיכט אלס מאסקע שטעלט פאר א טירקישע קאדינע קוממט צו צו פרצ'ן און רעט איהם ליבליך אן) הא! וואס מאכסטו מיין ליעבער — איך קען דיך זעהער גוט —



**פרץ** (שטוינענד) ווער זענט איהר וואס איהר קענט מיך?

**קאדינע** — קום דא רעכטס צום טישעל זעטץ דיך אנידער און היים גיבען א פלאש שאמפאניער וועל איך דיר זאגען (זיא געהט מיט איהם צו רעכטס צין א טישעל און זעטצען זיך זיא טהוט א געשרייא: שאמפאניער! — דער קעלנער לויפט און ברענגט — זיא גיסט אן צווייא גלעזער און קלאפט אן אין זיין גלאז) נא אויף דיין געזונד מיין ליעבער!

**פרץ** — אלץ „מיין ליעבער" ווער זשע זענט איהר, וואס איהר קענט מיך?

**קאדינע** — אויב איך קען דיך? — דוא קענסט מיך אויך — אסך מאל האבען מיר זיך געזעהן, נאר דוא האסט דיך ניט געוואלט אומקוקען אויף מיר; ווייל דיין קאפ איז דיר געוועזען פארטראגען מיט דיין מאדאמניצע דיא פאלשע, וואס צאפט פון דיר אוים דיין געלד און שפייט קלעק אויף דיר! — טרינק! — (זיא טרינקען).

**פרץ** (שטוינענד) פון וואנען ווייסט איהר דאס אלדינג?

**קאדינע** — גענוג זיך ניט וויססענדיג געמאכט — עפפען דיר אויף איינמאל פאר אללע מאל דיינע אויגען, מיין ליעבער און קוק, וואס ארום דיר טוהט זיך ... קום! — וועל איך דיר ווייזען וויא זיא סודות זיך און קושט זיך מיט פרעמדע מעננער ... און דיך לאכט זיא אוים — טרינק! —

**פרץ** — וויא? ... וועה איז מיר!

**קאדינע** — נישט „וועה איז מיר" מיין טהייערער! איך האב דיך ליעבער פון איהר ... א סימן האסטו איך דארף ניט דיין געלד, איך האב אליין גענוג, איך האב שוין בעצאהלט אליין פאר דעם שאמפאניער — נאר זאג מיר צו דאסווארט, אז דוא וועסט מיך אויך אזוי וויססען צו שעטצין און צו ליעבען וויא איך דיך? ...

**פרץ** — איהר זענט טאקי זעהער אגוטע — זאגט איהר אליין, האב איך זיא דען ניט ליעב געהאט? וואס האט זיא געוואלט האבען פון מיר? — וויא איז זיא? — איך וואלט זיא געוואלט זעהן אליין.—

**קאדינע** — ניין, מיין ליעבער, אזוי גיך וועל איך דיר זיא ניט ווייזען — זאג מיר צו, אז דוא וועסט דאס זעהן פון איהר, וואס איך דערצעהל דיר, וועסטו מיך ליעב האבען, איך וועל זיין דיינע באמת געטרייע נאר דיינע!

**פרץ** — איך זאג אייך צו אויב עס וועט נאר זיין אמת מיינע ליעבע.—

**קאדינע** — ניין, איך גלייב ניט אזוי — גיב מיר א גאראנטיע — א סימן, אז דוא וועסט האלטען ווארט, מיין ליעבער!

**פרץ** — וָואס פַאר אַסִימָן ווילְט איהְר ? —

**קאדינע** — גָאר אַקְלֵיינִיגְקֵייט : נָאר, דֶעם עֶרְשְׁטֶען וַוארְמֶען קִישׁ ! —

**פרץ** — אָךְ אוּנ מִיר גֶעשֶׁעהְן — אֲפִילוּ אַהֵייסֶען : נָאר עֶפִּים אַזוֹי עֶפְּפֶענְטְלִיךְ פַאר מֶענְשֶׁען פַּאסְט נִיט. —

**קאדינע** — דָא אִיז אַלְלִיצָם אָפְּפֶען, דָא קִישְׁט זִיךְ אַלְלֶעם פְּרֵייא —

(פרץ קוקט זיך ארום פוֹן אללע זייטען, ווערענד מיט איין האַנד האלט זיא ארומגענומען, זיא נעהמט איהם אויך ארום מיטביידע העֶנד — אין דער צייט וואס פרץ האט זיך ארומגעקוקט — האט זיא אראָפּגענומען דיא פּרויענמאַסקע פוֹן דעם פנים — דאָס געזיכט האט פאָרגעשטעלט אַ רונקעל-געלב זאַאַפֶּן-געזיכט מיט אַשווארץ רונד בערדיל — פרץ דרעהט אויס דעם קאפּ אַקייש צו טהון, דערזעהט פלעטצליך דאס פינסטערע מאַנגער געזיכט — בלייבט דערשראָקען — טוהט אַשפּייא — אין דעם מאָמענט, פיהלט ער וויא אַשווערע האַנד האט איהם אַקלאפּ געטוהן אויף זיין אַקסיל — ער טוהט זיך אַ קוק אום שטעהט פאַר איהם).

**מיהאלקע** (דיא מאַסקע שטעללט פאָר איין עקאָנאָם פוֹן אַפּאָלנישען גוטסבעזיטצער — געלע לעדערנע באַטפאָרטן, רויטע אטלאַס הויזען אין דיא שטיוועל — אַבלויען פּאָלנישען שפּענצער מיט שנור אויף דער ברוסט איין פּאָלנישע קאָנפעדעראטקא אויפין קאפּ. דיא מאַסקע פוֹן דעם געזיכט שטעללט פאָר אַפארברענט געזיכט פוֹן דער זיהן, אַרויט-בלאָווע גרויסע נאָז מיט אַפּאַאָר גרויסע לאנגע וואָנסען — וועהרענד ער האט פרצן אַקלאַפּ געטוהן אויף דעם לינקען אַקסיל — מאכט ער צין איהם מיט אַטיעפער שטיממע) נַא — יַאק זְשֶׁע פַאן פֶּרֶץ מַא ?

**פרץ** — וֶוער בִּיסְטוּ ? —

**מיהאלקע** — וָואס ? הָאסְט מִיךְ נִישְׁט דֶערְקֶענְט מָאוֵי קָאחַאנֶע ? — מִיהַאלְקֶע ! דֶער עֶקָאנָאם פוּנִים גֶעמֶערֶעוֶוער גְרַאפִין סַאנְגוּרְסְקִי ! — וִויפִיל מָאל פְלֶעג דַיין טַאטֶע, מָאשְׁקָא, קוֹיפֶען בַּייא אוּנְז תְבוּאָה, רֶעטְשְׁקֶע, הָאבֶער, וַוייטְץ אִיךְ קֶען דִיךְ נָאךְ אַלְס קִינְד. —

**פרץ** (דערמאַנט זיך) הַא, הַא, הַא — יָאה, יָאה מִיהַאלְקֶע ! וָואס זְשֶׁע טְהוּסְטוּ עֶפִּים דָא ?

**מיהאלקע** — אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַהֶער אַנְקַאססִירֶען גֶעלְד בַּייא סוֹחֲרִים אוּנ פָאהְר בַּאלְד צוּרִיק אַהֵיים קֵיין גֶעמֶערִיוו — דוּא וֵוייסְט, אַז אִיךְ וֶועל דָארְטֶען דֶערְצֵיילֶען דַיין וַוייבּ, אַז דוּא טַאנְצְט דָא אוֹיף בָּאלְלֶע ? —

**פרץ** — וֶוער טַאנְצְט ? — מָאוֵי קָאחַאנֶע ! — גְלֵייבּ מִיר אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג, מַיין נְשָׁמָה בְּלָאנְזֶעט עֶפִּים אַרוּם ... אִיךְ בִּין פְּלִיצְלִינְג אַהֶער פַארְנַאנְגֶען. — ... אִיךְ בֶּעט דִיךְ, מָאוֵי קָאחַאנֶע, דֶער צֵיילְ נִיט אִין דֶערְהֵיים —

**מיהאלקע** — טְהוּ זְשֶׁע מִיר צוּלִיעבּ אוּנ טְרִינְק מִיט מִיר — וֶועהְמֶען זְשֶׁע ווילְסְטוּ זָאלְל אִיךְ פוּן דִיר גְרִיססֶען אִין דֶער הֵיים ?

**פרץ** — אִיךְ בֶּעט דִיךְ מָאוֵי קָאחַאנֶע, זָאלְסְט נִיט דֶערְמַאנֶען אִין דֶער הֵיים, אַז דוּא הָאסְט מִיךְ דָא גֶעזֶעהְן. —



**מיהאלקע** — נַא, נַא, נֵיע בָּאיְטְיַא, מָאוֵי קָאחַאנֶע פֶּרֶץ ! אִיךְ קֶען דַיין טַאטֶען, אִיךְ קֶען דִיךְ, דוּא בִּיסְט אַ גוּטֶער בְּרוּדֶער, אִיךְ וֶועל נִישְׁט דֶערְצֶעהְלֶען — דוּא גֶעפֶעלְסְט מִיר ! —

**פרץ** — אַלְיֶע סְלָאוָוא הָאנָארַא ? —

**מיהאלקע** — סְלָאוָוא הָאנָארַא ! — אָט הָאסְטוּ פוּן מִיר אַסִימָן — דַאוַואי פִּיסְק (פרץ נעהמט איהם אויך ארום מיט ביידע האֶנד אונ ווייא ער וויל איהם נאר גיבען אַקיש, דערפיהלט ער פלעצליך אַ גרינגען קנ פּ פוֹן אַ האנד אויף זיין רעכטין אקסיל — ער קוקט זיך שנעלל אים דערזעהט ער פאַ. זיך)

**מאטילדען** (אהנע מאסקע מיט איהר ריין געזיכט) אַזוֹי טְהוּסְטוּ מִיר אָפּ ? — מִיט וֶועהְמֶען קִיסְטוּ דִיךְ ? —

**פרץ** — (לאזט נאך ניט אראפּ דיא האנד פוֹן מיחאַלקעס האלז, נאר מיט זיין פנים צו מאַטילדין) וָואס הֵייסְט מִיט וֶועהְמֶען ? מִיט מִיהַאלְקֶען דֶעם פְּרִיץ׳ס עֶקָאנָאם פוּן גֶעמֶערָאוו ! —

**מאטילדא** — מִיהַאלְקֶע אִיז דָאס — נָאךְ דָא ווילְסְטוּ מִיךְ בַּאשְׁווינְדְלֶען — וָואס ? אִיךְ הָאבּ קֵיין אוֹיגֶען נִיט ?

**פרץ** — אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נִיט, אִיךְ קֶען נִיט מִיהַאלְקֶען ? — אִיךְ הָאבּ אִיהְם בַּאלְד דֶערְקֶענְט אִין זַיין פַארְשְׁבִּירְטֶער נָאז אוּנ זַיינֶע גְרוֹיסֶע וָואנְסֶעם, נָא קוּק אִיהְם אָן (אין דער צייט האט מיהאלקע אראפּ גענומען דיא מאַסקע — זיין נאַטור געזיכט איז געווען א יונגעס שענעס מעדכען מיט צולאזטע שענע האָר, אויף דעם קאָפּ אַ דיאַדעם. פרץ בלייבט איבערראַשט, דערשראָקען — דיא מאסקע וויזט איהם מיטען פינגער אויף דער נאָז אונ — ענטלויפט).

**מאטילדא** (מיט אַ מיענע פוֹן פאָרוואורף) מִיהַאלְקֶע אִיז דָאס ? — מִיךְ ווילְסְטוּ נַאארֶען ? — אוּנ דוּא רֶעדְסְט זִיךְ אַן, אַז אַזוֹינֶעם וִויא דוּא דַארְף אִיךְ לִיעבֶּען ? — דַארְפְסְט פְרֶעגֶען פְרִיר בַּייא מִיר צוּא עֶרְלוֹיבּ אִיךְ דִיר דוּ זָאלְסְט מִיךְ לִיעבֶּען ! ... דוּא זָאלְסְט דִיר גָאר נִיט אַנְרֶעדֶען אַז דוּא וֶועסְט אַמָאל לֶעבֶּען מִיט מִיר — אִיךְ שְׁפַּייא אוֹיף דִיר אוּנ דוּא מֵיינְסְט אַז דָאס אִיז אַרֶעגֶען — עֶס פַּאסְט מִיר גָאר נִיט צוּ רֶעדֶען מִיט דִיר, דוּא לַיידֶענְשַׁאפְטְלִיכֶעם פִיה ! וִויא קוּמְסְטוּ גָאר צוּ מִיר ? ... דוּא הָאסְט דֶען אַבֶּעגְרִיף פוּן גֶעפִיהְלֶע, טְרַייֶע אוּנ וַואהְרֶע לִיעבֶּע ? — מַיין גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם מַאנְן בִּין אִיךְ נָאךְ יֶעצְט פִיל גֶעטְרַייֶער פוּן אַלְלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע ... זַיין שַׁאטֶען, זַיין אַנְדֶענְקֶען אִיז בַּייא מִיר הֵיילִיג ... עֶר לִיגְט אִין מִיר אוּנ אִין אַלְלֶע מַיינֶע אָדֶערֶען ! ... וֶוען דוּ זָאלְסְט נִיט זַיין אַזוֹי דוּם, ווָאלְסְטוּ בֶּעמֶערְקְט, אַז אִין אַלְלֶע מַיינֶע צֶערְשְׁטְרֵייאוּנְגֶען לִיגְט פֶּערְדְרוּס אוּנ וַואהְנְזִין, מַיינֶע פְרֵיידֶע קְלִינְגְט מִיט הַארְצְוֶועה.

און מיין לאבען איז פערמישט מיט גאל ... דען, ביי מיר הייסט דאס
קיין לעבען, ווען ער איז גישטא ! — — מיינע געזינונגען, מיינע וועלע
מיין לעבען האט ער מיט זיך מיטגענוממען אהין ... דארט ! ... נאר
מיין קערפער דרעהט זיך נאך ארום דא אויף דער זינדיגער וועלט ! ...
איך וועל אבער מיט דעם שוין אויך וויססען וויא איין ענדע צו מאכען ...
און וועל געהען אהין — — צין איהם, — און דוא — געה, פון וואנען דוא
ביסט געקוממען — געה ! (זיא לויפט אוועק צווישען דיא קאליסען).

**פרין** (דיא גאנצע צייט געשטאנען אראפ געלאזט דעם קאפ וויא א פערזאנ[?]טהיילטער — הייבט אויף לאנגזאם דעם קאפ — קוקט איהר נאך — בלייבט שטעהן חאפט זיך פלעצליך אן מיטביידע קילקים צושלאגען אין קאפ) גוואלד ! גוואלד ! וואס האב איך
געטוהן ? — (בערוהיגט אביסעל נאר מיט פערדרוס) אזוי ! — אזוי איז דאס ! —
הייסט עס האב איך מיך אין גאנצען אפגענארט — איז דאס געווען אין
גאנצען אפארבלענזעניש ! — זיא רייצט זיך נאר מיט מיר פאר מיין
געלד ... אדאס איז דיא פארציע פאר מיין גאנץ אויסברענגען זיך ! ...
וואס האב איך געטוהן ? וואס האט זיך מיר געגליסט ? — — נא דיר
אמאדאמניצע, מיט בעדער, מיט א דאקטאר פארפרי, מיט א מאציא
מיט א באבאנאי, מיט א הינד און מיט א פויגעל מיט א טראסקענבאל —
זיא האב איך פארביטען פאר מיין כשרער שטיללער פרומען ? —
(אין דעם מאמענט ערשיינט אים אונטערגרונד אחיתופל אויף דיא שפיטץ פינגער און הערט זיך אונטער וויא ער רעט) אוי פרומע, פרומע ! איך האב דיך גישט
געוויסט וויא צו שעטצען — אה מיין שטיללע רוהיגע היים, איך האב
נאר ניט געוויסט פון מיין תענוג ! ... וואס פאר א רוח האט מיך
געטראגען אהער אין דעם גן עדן ? ... א גן עדן איז דאס ? —
א — א גהינם ! — ווארט פרומע, פרומע איך לויף צו דיר דיך
איבערבייטען, זאלסט מיר מוחל זיין — איך האב חרטה ! ! ...

**אחיתופל** — חרטה ? ? (לויפט אינטער איהם חאפט איהם ארום אין פערזינקט מיט איהם אין דער ערד מיט אפלאם פייער — — *)

(מוזיק שפיעלט איין איטערמעצצא — פיעלע מאסקעס, דיא געזיכטער ענטלארפט לויפען אריין פערווירט אין ברעכען דיא הענד — ענדליך פון צווייא מעדכען געפיהרט בייא דיא ארמע קומט אריין מאטילדא — זיא האט זיך פערגיפטעט — אויף איהר געזיכט איז א טאדענבלאססע דיא האאר אין איינער אונארדנונג —).

---

*) אין אמעריקא איז דיא פערוואנדלונג געווען אנדערש — דער מאסקענבאלל איז געווען אין א פייער געגענד אויף דעם אייז — ווינטער — און אזו וויא אחיתופל איז פערשווונדען מיט פרצין — איז מאטילדא אויך נישט געבליבען (?)



**מאטילדא** (זינגט) ווער האט דעם קוממער פרעהען זיך ניט געזעהן,
און אויך דיא פריידע ווייגען מיט א געוויין ? — אך — דיא
וועלע איז מיד ...

**קאהר** — וואס איז געשעהן מיט איהר ? (ביז)

**מאטילדא** — — — — — — דאס איז איהר אבשיעדסליעד ! ...

**קאהר** — וואס איז געשעהן מיט איהר ? —

**מאטילדא** — (דערמאנט דאס דועט מיט לודוויגען פון ערשטען אקט) : יא איך בין
דיר טרייא ... איהר דארפט אייך ניט בעשטרעבען,
מיר רעטטען יעצט מיין לעבען.

**קאהר** — רעטטעט זיא.

**מאטילדא** — רעטטעט (3) מיך גאר ניט — אוים איז יעצט מיט מיר.
דאס לעבען איז מיר שווער — ווען ער איז נישטא מעהר —

**קאהר** — רעטטעט זיא (ביז).

**מאטילדא** — ווארט נאר (2) ווארט נאר איין ווייניג, ווארט איך קום צו דיר.
אה רעטטעט רעטטעט מיך גאר ניט,
איך שטארב דאך שוין אין דער מינוט.
אה דער גיפט ! — **קאהר** : אה דער גיפט ? —

**מאטילדא** — אדיע ליעבע לייט !

**קאהר** — זיא איז פערגיפטעט — אך !

**מאטילדא** — א — אך דיא וועלע איז מיד (זיא שטארבט).

**קאהר** (קניענד) זיא שטארבט — זיא איז שוין טויט ! — (דאס בילד ווירד בע-לייכטעט מיט מאנדשיין).

פארהאנג פאלט לאנגזאם.

---

# 4 אקט.

---

שטעללט פאר איין איינפאך ריין שען צימער — אים אונטערגרונד שטעהט
פרומע האלט א סדור אין דיא הענד און דאווינט מיט א פראממע מיענע —
לינקס פון דיא צושויער שטעהט א שרייבטיש — אויף איהם ליעגען פערשיעדענע
שרייב פאפירען א שרייבצייג, א שעריל א. ז. וו. ביים טיש אין א פאטעל זיטצט
לודוויג און איז פערטיעפט אין שרייבען — ער טראגט א לאנגען חסידישען
ראק — אונטער דער זשילעט הענגט ארוים א טלית קטן — אויף דעם קאפ

א יארמאלקע — אללע מאל הייבט ער אויף זיין קאפ און קוקט צו פרומען — און פערטיעפט זיך ווייטער אין שרייבען — ענדליך, אונגעדולדיג, הייבט ער אויף זיין קאפ, דיא פעדער נאך אין דער האנד האלטענד — און קוקט צופרוכ:ען),

לודוויג — וויא זיא שטעהט אונד בעטעט זא ערנסט דיא פראממע חסידה! — זיא איזט ווירקליך פראם, פיין, נאיוו, אהנע אנשפריכע, איין רייצענד בילד דער אונשולד אונד פרעמיגקהייט — זיא איזט אבער שאן צו פראם, צו סאליד — זיא קוועהלט מיך מאנכמאל מיט איהר אבער־גלויבע אונד פאנאטיזמוס — וויא נענט מאן דאס? אתחינה, אנאבאטע, אגיטער יוד, צו דיעזע האט זיא איינע בעזאנדערע פארליעבע, זאנאר — ליידענשאפט —. וויפיל מאל איך ערקלעהר איהר אונד ווידערלעג: איהר דיעזע דומהייטען זיא זאלל זא פאנאטיש ניכט זיין — אבער אומזאנסט! עס איזט אונמעגליך איהר צו איבערצייגען — אללעס „טאר" מען ביא איהר ניכט אונד איך מוסס אויך ביא איהר ניכט „טארען" דאס הייסט — „דארפין" — — זיא, מיך, האט שאן, אין מאנכע בעציהונגען איבערגעמאכט, זיא וויקעלט מיך אין איין טלית, שפאנט מיך איין אין תפילין, טרייבט מיך אין בית המדרש אבגלייך איך פערשטעהע מיך וועניג אויף דיעזע זאכען, עס איזט פיר מיך איינע לאסט; אבער דאס טוהע איך נור איהר צוליעב אום דאס איך זאלל ביא איהר צוטרויען געווינען, אום דאמיט זיא זאלל מיר אויך געהער שענקען, מיך אויך ליעבען, וועניגסטענס אום דיא העלפטע וויא איהר פערשטארבענען מאנן — ניין! ער געהט איהר אבער ניכט פאם קאפף. דער מליץ יושר — — פרומע! גענוג שאן געדאווינט! זיסע פרומע! זעטצע דיך איין מאמענט ניעדער! דוא שטעהסט דאך מעהר אלס איינע שטונדע אויף דען פיססען! — *).

*) אין אמעריקא פלעג פרומע בייא דער שטעללע זינגען דאס ליעד פון „פרק שירה"

אללע חיות: גרוים און קליינע
פון דער מערשקע ביז דער קוה
זינגען אללע שבחים שענע
ווען זייא שטעהן אויף גאנץ פריה

לודוויג (זינגט) א וואונדער איז דאס דאך ביא יעדען,
זייא בעטען האטש זייא זענען שטום,
און דער מענש, וואס קען גראד רעדען,
געהט אום געדאווענט א יאהר ארום.



פרומע (דאווינט אליין) אי, אי, אי! —

לודוויג (קרומט זיך איהר נאך) „אי, אי!" נא! גענוג שאן געדאווינט פרומע! — רעדע שאן איינמאל! — זייט וויר האבען געהייראטעט האסטו מיט מיר נאך קיינע צוויא ווארטען געשפראכען (פרומע טוהט אקיש דעם סדור) שוי, שוי וויא מאן קיסט זא ליידענשאפטליך דען סדור! — געב מיר אויך איינמאל איינען קוס, שטעללע דיר פאר דאס איך אויך איין „סדור" בין? —

פרומע (מיט א קרעכץ) וועה איז מיינע אויהרען וואס העהרען דאס! — פון יענעם אגוטער מליץ יושר זאלל ער זיין, האב איך דאס ניט געהערט, וועה איז מיר! —

לודוויג — פרומע! טוהע מיר וועניגסטענס איין געפאללען, לאס דיך וועניגסטענס לייטען, בעלעהרען פאן מיר, דאס ווירד דיר זעהער פיעל

פרומע — „אין אונז האסטו אויך נישט פארגעססין!"
— געבען זייער שבח, דיא הינד —
„ביינער הייסטו מיר זאללען עססין,
„לאז זיין אזוי אבי — געזינד!"

לודוויג — וואס טוהט מען אבער מיט דיא קצבים,
זייא פרעססין זיך אן אזוי זאט,
און דיא ביינער, וואס געהערען צו דיא כלבים,
פארקויפען זייא גאר ארמע לאט! —

פרומע — „איך האהן איך קרעה! יאה גאטט געבענטשטער!
„באשאפען האסטו מיך דער צי,
„איך פאלג דיך; וויא א טרייער וועכטער,
„וועק איך יעדען פינקטליך, פריה!"

לודוויג — נאר פארשטעהן קען איך ניט דיא סברא,
דער מענש זינדיגט דאס גאנצע יאהר,
און דער האהן מוז זיין גאר זיין כפרה,
ער עסט איהם אויף און קוויקט זיך גאר. —

פרומע — אויך דיא פערד הערט מען זאגען
זייער שבח צו גאטט, גאנץ הויך:
„— האסט אונז באשאפען לאסט צו טראגען,
דארויף האסטו אונז געשענקט דעם כח,

לודוויג — שלעפין מענשין זענען זייא צו פריעדען,
צו פיס דארף מען זייא ניט לאזען געהן,
אבער שלעפען פערד צין אגיטען יודען,
איז דאס א יושר? — זאג דוא אליין! —

נוטצען ברענגען — ועהסט דוא: איך טוהע דיר אללעס צוליעב, אבער גלייך פיר מיך איזט דאס שווער — איך האבע הונגער, דוא זאגסט מאן דארף ניכט עססען עס איז א תענית, גוט — איך טוהע דיר צוליעב אונד עססע ניכט — איך מאך דיר דען קידוש, אויך דיא, וויא גענט מאן דאס, דיא הבדלה, יאה! איך זינגע דיר זמירות, איך האבע מיך שאן אויסגעלערנט; ווענינגסטענס לאססע דיך אויך איינמאל פאן מיר בעלעהרען? — פרוממע! (ער שטעהט אויף אונ וויל זיא אננעמען ביים דער האנד).

**פרומע** (שטיפט איהם אוועק) אוועק! מען טאר דען? — וועה איז מיר! —

**לודוויג** — וואס? בעריהרען דארף איך דיך אויך ניכט? — דוא ביסט דאך מיינע פרוי — איזט דאס ביים דיר אויך איינע זינדע? דען שמוטציגען שמש, דען גבאי, וועלכע געהמען ביים דיר „א נדבה“ אונד חיללען דיך גיט בעריהרען, ניכט איינמאל שויען אויף דיך; צו דיעזען ביסטו זא פריינדליך — אונד איך שויע נור דיך אן אונד וויל דיך בעריהרען, קיססען, ווייגערסט דוא דיך? — וויא זאלל איך מיר דאס ערקלעהרען? —

**פרומע** — אונ וועה איז מיינע אויהרען, וואס הערען דאס! —

**לודוויג** — נור „וועה איז מיינע אהרען, וועה איזט מיינען אהרען“ דאס איזט איהר עוויגעס ליעד אונד דאס איזט איהרע אימערוועהרענדע אנטוואָרט — הא, הא! דא קאמט שאן איינער פאן איהר קאמאנדא! זיא ווירד שאן מונטערער (ער זעטצט זיך צוריק צום שרייבטיש).

**איין ארץ ישראל יוד** (קוממט אריין רעכט פון דער טהיר האלט א צדקה פישקע, קלינט מיט איהר אונ זינגט).

איך בין פון ארץ ישראל,
געשיקט פון יענעם קהל,
איך זאממעל אין דיא פישקעס געלד אהן שיעור;
מיר טהיילען ווער ס'איז ארעם,
מיר קויפען אייל פאר קברים,
דיא גאנצע וועלט ווייסט, אז איך געהם ניט מיר;
אין דעם זכות פון דער נדבה,
וועט איהר אליין אויך שפעטער האבען הנאה:
אין דער מערת המכפלה,
קוממענדיג בנחמות,
וועללען מיר בעטען ממיילא,
פאר אייערע נשמות! —



**פרומע** — אמן, אמן! (ווארפט איהם אריין געלד אין דער פישקע).

**לודוויג** — ער ווירד בעטען פיר אונזערע נשמות? — ער קען אונז רעקאמאנדירען ביים ליעבען הערר גאטט אום געלד — שען! —

**דער א"י יוד** (געהט צו צום טישעל וויא לודוויג זיטצט) מה שמיכם?

**לודוויג** (בייז) מעקעם, מעקעם! — פאקען זיא זיך פארט! —

**דער א"י יוד** — הידעתם לדבר בלשן הקדש? —

**לודוויג** — קאראדאש, קאראדאש — רדוים!

**דער א"י יוד** — חיי בשלום אדני ישלח ברכה הצלחה בכל מעשי ידכם שלום — אמן אמן! (אב)

**לודוויג** — אמאן, אמאן! — פארט, שורקע! שווינדלער זינד דיעזע לייטע אום אויסצופאפען געלד ביים זאלכע נארען וויא זיא איזט, אונד פיר זיא איזט דאס אללעס רעכט — זיא קאן זיך גאר ניכט פארשטעללען דאס, זאלכע לייטע קענען זיין פערשטעללטע שווינדלער, אדער זאנסט וועלכע גוינער, זיא ברויכען נור צו בענוטצען דיא קונסט בעלעקעס בעלעקעם! דאס הייסט זא פיעל וויא: דוא גיב אונד איך נעהם — אונ מיט דעם שלעפען זיא געלד — אונד דיעזע זאגט נאך זא ערנסט, אמן! —

**פרומע** — כשרה יידען וועה איז מיר! —

**לודוויג** — כשרה יידען וועה איז זייא, זייא האבען מעהר בעלעקעמס וויא דוא — הא, הא! מאן קאמט שאן וויעדער — דיא לייטע, שיינט עס, קענגען זיא שאן זעהער, צו גוט —

**חסידים** (טאנצען אריין פאמיליער) אגוטע וואך דיר פרומע! א נדבה פאר דעם רבין.

**1טער חסיד** (נעהמט דאס קעמיל, וואס ליגט ביים לודוויגען אופין טיש אונ טוהט זיך א קעם דיא בארד).

**לודוויג** (בייז) זיא! — שערען זיא זיך צום טייפעל! —

**1טער חסיד** — א שעריל? — מהיכי תיתי, לאו זיין, א שעריל (חאפט דאס שעריל פונים טיש אונ שערט פאפיר).

**2טער חסיד** — (חאפט אויס דעם סיגארעט פון לודוויגס מויל אונ רויכט).

**לודוויג** — אבער דאס איזט גראב!

**2טער חסיד** — צו גראב צו דין אבי ס'געהט ארויך! —

**3טער חסיד** (בייגט זיך אן מיט ביידע עלענבויגענס אויף לודוויגס טיש, חאפט דיא פעדער אונ דראקעט).

**לודוויג** (אויסער זיך חאפט זיך אויף פון דעם בענקעל) וואס איז דאס? —

**3טער חסיד** — כעס איז עבודה זרה! (לודוויג וויל זיך צוריק זעטצען אויף דעם זעסיל — זיטצט שוין דארט דער).

**4טער חסיד** (אינדעם לודוויג האט ניט געוויסט און האט זיך געזעטצט אויף זיינע קניע) אוי, אוי! קענט איהר גוט באטרעטען.

**לודוויג** — רוים! זאגע איך — זאנסט ... (ער ווייזט זיין קילעק).

**דיא חסידים** — ווארט דוא דייטש מיר געהן, פרומע האט אונז געגעבען א שענע נדבה, וועללען מיר צוליעב איהר אפטאנצען דעם שמעקך טאבעקע־טאנץ — (זייא טאנצען און טאנצען ארוים רעכטס).

**לודוויג** — אונד דיעזע זינד ביא דיר מענשען? דיעזע ווילדע טהיערע? —

**פרומע** — וועה איז מיינע אויערען, וואס הערען דאס! כשרה יודען וועה איז מיר! —

**לודוויג** — „כשרה בהמות" איזט ריכטיגער — כשרה יודען, ווייל זיא טראגען זיך שמוטציג מיט שמוטציגע מאגערען — טראגען גאטטעס נאמען אויף איהרע שמוטציגע ליפען אום אויסצונארען געלד ביא זאלבער כשרער בהמות וויא דוא ביסט —

**פרומע** — זייא נעהמען דען זיך דאס געלד? חלילה! זייא געבען עס אוועק צדקה, וועה איז מיר!

**לודוויג** — זייא געבען עס אוועק אין שאנקעל, וועה איז זייא, זייא פער־טרינקען עס אויף סעודותלעך — הער מאל אוים מיט קאפף, איבער־לעגע נור דיר דיעזעס מיט דען גראדען מענשען־פערשטאנד: האטטען זיאווירקליך דאס געלד פערברויכט וועגען וואהלטהאטיגען צוועק.

**פרומע** — גיט וועגען צוויעקעס וועה איז מיר! —

**לודוויג** — דאס הייסט, וויא דוא נענסט עס, וועגען טובת הכלל! — זא ברויכען זיא דאך צו פיהרען איינע קאנטראלע, דאס הייסט, איין חשבון אונד דרוקען לאססען איינע ליסטע פאן איינקינפטע אונד אויסגאבען איהר גיבט אבער דען לייטען געלד, אהנע רעכנונג ביי איהנען צו פארדערן דאנן מעגען זיא מיט דעם געלדע אללעס מאכען, אונד דיר ערצעהלען זיא דאס איזט פיר ארמע — צדקה רעטטעט פאן דעם טאט — גאנץ נאטירליך; דען דיא לייטע מאכען איין גוטעס לעבען פאן דער צדקה — פערשטאנדען? —

**פרומע** — אונ וועה איז צו מיינע אויערען, וואס הערען דאס! —

**לודוויג** — ווידער מיט דיא ארען! — איך גלויבע, וועניגסטענס, זיא הערט וואס מאן שפריכט אונד זיא זינגט זיך געלאססען איהר ליעבלינגם ליעד „וועה דיא אויערען" — איין אונגליק ביא מיינער עהרע — — הא, הא! מאן קאממט שאן ווידער — ליעבע לאנגע אהרען מאכען זיא זיך נור פערטיג! —



**איין איינעקיל** מיט זיין גבא (קוממען אריין — קישען דיא טהיר — דאס איניקעל איז יונג, לאנג און מאגער, מיט לאנגע פאיות — דער גארגיל איז נאקיט שטעקט איהם ארוים א קנאפ — שיך אין זאקען — א שטריימיל אופין קאפ — טראגט א גרויסע קאלירענדיגע פאטשיילע אין דער האנד — דער גבא — איין קליין געוואקסענער אלטער מאן — הארבאטע, טויב).

**גבא** — גיב עפים א שענע נדבה, פרומע! איין איינעקעל פונים זיידען זצ"ל בעל מופת! —

**איינעקעל** — א שענע נדבה, א שענע! מיין זיידע איז געוועזן א צדיק א בעל מופת, מיין באבע עליה השלום דיא רבצין, הכשרה יודענע הצנועה החסידה, המפורסמת, מיין טאטע זכר צדיק ותמים לברכה א כשרער יוד א פרומער! — אללע בעלי מופתים, גוטע יודען — אט דער אלטער גבא, וויא דוא זעהסט איהם.

**לודוויג** — „דוא" זאגט ער איהר? וועלכע פרעכהייט?

**דאס איניקעל** — דער אלטער איז נאך געוועזן ביא מיין זיידען גבאי — ער איז שוין אויף דער עלטער טויב — נאר ער אליין קען עדות זאגען וועגען מיינע אבות זעננען געוועזן — (צום גבא) זאג, טויבער, זאג! זעננען נאך דא אין היינטיגע דורות אזוינע כשרה יודען וויא מיין משפחה? —

**דער גבא** — ניין, ניין, ניין רעט איך ניט אן — אזא משפחה איז ניט געוועזן און ס'וועט ניט זיין — אי, אי, אי! אדרבא דער צייל דיא מופתים פאר פרומען לאז זיא אויך הערין, דעם מופת פון דיין זיידענס שטעקען, דאס איז געוועזן א שטעקען פלאי פלאות — דער צייל:

**דאס איניקעל** (זינגט) — מיין זיידענס שטעקען זעהט מען ניט היינט
וואס ער פלעגט מיט איהם פארפיהרען:
פאר א שמירה איז ער געוועזן ביא דעם אין דער האנד
ווער עס פלעג איהם נאר אנריהרען,
וויפיל דבוקים פלעג ער ארויסיאגען,
זייא האבען נאר דערהערט זיין קלאפ! ...
פון וויפיל משוגענע פלעג ער ארויסשלאגען,
דאס משוגעת פון דעם קאפ! —
געטויגט האט צין איהם מיין זיידע נאר,
ער פלעג איהם פיעל אנטראגען;
צו איז נאך דא אזא זיידע אין היינטיגען דור,
לאז אייך דער גבאי זאגען —

(פראזא) אדרבא, טויבער, זאג! צו איז נאך דא, אזא זיידע? —

**גבא** — נײן, נײן, נײן — רעט אײך ניט אַן — אַזאַ שטעקען איז ניט געװען — און ס'װעט ניט זײן! —

באַ, באַ, באַ! נאָ און דאָס הײליגע שמאַטקעלע דײן באָבעס האָסטו נאָר פֿערגעסען? — אַנאַ, דערצעהל נאָר פֿרומען, די פּלאי פּלאות פֿון דײן באַבעס שמאַטקעלע — לאָז זי אױך הערען.

**דאס אײניקעל** — פֿון מײן באַבעס שמאַטקעלע? — די רבצין — חדושים, חדושים — אַט װעסטו הערין:

(זינגט) מײן באַבע די רבצין, מוזט איהר װיסען,
פֿלעגט טהון גאָר גרױסע פּעולות! — ...
פֿון איהר פּאַרטיך אַ שמאַטע האָט זי אָפּגעריסען,
דאָס האָט געניצט צו װעהער פֿיעל סגולות;
פֿון ארץ־ישׂראל־ערד דער פֿון געמאַכט אַ זעקיל,
אונטער די טױטע געלײגט פֿאַר אַ קישען;
צװישען די פֿענסטער זי אױפֿגעהאַנגען אױף אַ פּלעקיל.
די נשמות זאָללען זיך דאָרט אָפּװישען ...
װאָס זי האָט פֿערדינט מיט דער שמאַטע נאָר,
װאָלט איהם געװאָלט פֿאַרמאָגען;
צו איז אָבער דאָ אַזאַ באַבע אין הײנטיגען דור,
לאָז אײך דער גבאי זאָגען:

(פּראָזא) נאָ טױבער, זאָג צו איז נאָך דאָ הײנט אַזאַ כשרה באַבע? —

**דער גבא** — נײן, נײן, נײן! — רעט אײך ניט אַן — אַזאַ שמאַטע איז ניט געװען — און ס'װעט ניט זײן! —

באַ, באַ, באַ! אַקלײניגקײט אַ משפּחה! — הײנט פֿרומע, לאָז איך דיר דערצײלען פֿון דעם הײליגען לאַקש, איך זאָג דיר, דער לאַקש איז געװען פּלאי פּלאות! — אַנאַ דערצײהל איהר, דערצײהל פֿון דעם כשר'ן לאַקש, װאָס איז געװען אַרמז אױף דיר אַלײן לאָז זיך פֿרומע נעהמען אַמוסר! —

**דאס אײניקעל** — דעם נס פֿון דער שבתדיקער לאַקש מײנסטו? װאָס איז געװען אַרמז אױף מיר אַלײן? — באַ, באַ באַ! —

(זינגט) אַז מ'האָט פֿרײטאָג די לאַקשען אַרױפֿגעטראָגען,
איז מ'ן מאַמע צו מײן טאַטען צו:
„— פֿאַר אַללע מוזטו מיר אַצונד צוזאָגען,
„— איך זאָלל האָבען אַזאַ חכם װי דו!"



אַדאָ האָט דער טאַטע אַ האַפּ געטוהן אַלאַקש פֿון דער יוך! ...
און אַ געשרײא געטוהן אױף זײנע דרכים:
„דעם לאַקש מײן װײב שלינג אַן אין דײן בױך,
„װעסטו האָבען אַזאַ תלמיד חכם!" ...
דעם נס געהמט אײך נאָר גוט אין זינן:
צום יאָהר האָט זי מיך אױסגעטראָגען — — ...
װער איך בין און װאָס איך בין?
לאָז אײך דער גבאי זאָגען! —

אַדרבא, טױבער! דער צײהל יעדען דוא ביסט דאָך געװען דער בײא דוא קענסט מיך גוט, װער בין איך? —

**גבאי** — נײן, נײן, נײן! רעט אײך ניט אַן — אַזאַ לאַקש איז ניט געװען — און ס'װעט ניט זײן —

באַ, באַ באַ ס'איז נאָך דאָ גזמי גוזמאות; ממילא, בע — װאָס העלפֿט עס, אַט דאַרף מען זיך אַרומשלעפּען נאָך נדבות (פֿרומע גיט זיא אַ נדבה) גאַטט זאָלל אײך געבען אַגיטען תמיד (קישען דיא מזוזות ביים אבגעהן).

**לודװיג** — װיא איך זעהע איזט בײא דיר אײן קאָמפּטואַר פֿאַן קבצנים — דוא ביסט בעריהמט אַלס אײנע פֿאַרנעהמסטע גאַבאַטע — װיא דיא לײטע װיסען שאָן דיך אױפֿצוזוכען — — יאַה! איך בין ניכט פֿערן, דאַס מאַן מוס אײנען אַרמען שטיטצען — אַבער טאַג אונד נאַכט זיך זױגען לאַססען פֿאַן זאָלכע מיססיגגענגער? — אַי, אַי אַי! אונד דיעזער לאַקש איזט בײא דיר טהײערער אַלס איך? — מיט איהם איזט דיר זאַ אַנגענעהם דיא צײט צופֿערטרײבען, אױסצוהערען מיט זאָלכער אײזערנער געדולד אַללע זײנע שװעצערײען אונד טרײמע, מיט זאָלכער אױפֿמערקזאַמקײט אונד װערמסטען אַנטהײל שלינגסט דוא זײנע דומהײטען — אונד מײנע װאָרטען האַבען בײא דיר קײנען װערט, װען איך ערקלערע דיר אַללעס לאַגיש —

**פֿרומע** — נישט קײן לאַקשען װעה איז מיר —

**לודװיג** — נײא עס שאָן נאָך דײן „יושר" ברױכסטו מיר מעהר אױפֿמערקזאַמקײט שענקען, אַלס װיא דיעזען דאַ — איך לעבע אום דײנעטװעגען, ברױכסטו צו לעבען אום מײנעטװעגען — פֿערשטאַנדען?

**פֿרומע** — אוג װעה איז מײנע אױרען, װאָס הערען דאָס! — יענער זאָלל אַגוטער מליץ יושר זײן פֿאַר מיר ...

לודוויג — ווידער „יענער מיט דעם מליץ יושר״ טוה מיר דען געפאללען אונד לאס דען „מליץ יושר״ שאן געהן, פערגיס איהן אונד דענקע ליעבער אן מיר — איך בין שאן אויך בייא דיר באלד געווארדען איין „מליץ יושר״ — עססען עססע איך ניכט, לעבען, לעבע איך ניכט דוא קאנסט זעמאנדען קראנק מאכען מיט דיינער איבערטריבענער פרעמיגקהייט — דאך — מיט וועהם האבע איך צו שפרעכען? — איך ווערדע ליעבער אויסרוהען — איך האבע קאפפשמערצען שאן, מיט דיר זיך אימעמער־ווערהרענד צו ערגערן (ער ציהט זיך אויס אויף דער סאפא).

שפרינצע (קומט אריין מיט אצדקה פישקע זינגענד) (אדיקע פעטע יודענע פאן א יאהר 55).

אנדבה אשענע,
קומט מיר נישט קיין קליינע,
ארימע אלטע מיידען האב איך אהן שיעור;
זייא חתונה צו מאכען,
זיך איך זייער גלייבען,
דיא גאנצע וועלט ווייסט, אז איך נעהם נישט מיר;
(זיא ווענדעט זיך צו לודוויגען) אין דעם זכות פון דער נדבה,
וועט איהר אליין אויך שפעטער האבען הנאה:
דיא אללע אלטע מיידען,
מיט דער מצוה אין גאנצען,
וועלען אייך אין גן עדן,
אליין ענטגעגען טאנצען! ...

פרומע — אמן, אמן — (גיט איהר א נדבה).

לודוויג (הייבט זיך אויף און בלייבט זיטצען אויף דעם סאפא) נא! — דאס איזט שאן וועניגסטענס ניכט שלעכט! שפרינצע! קאממען זיא מאל הער (שפרינצע געהט צו — זעטצט זיך אויף דער סאפא מיט דעם ריקען בלומערשט צו לודוויגען און מיט דעם פנים צו פרומען) ווארום אלטע מיידען, זיא געגען מיר קיינע יונגע? שפרינצע! געשטעהן זיא מיר דיא וואהרהייט! איך מערקע, דאס זיא קיינע דומע פרוי זינד: איזט איהר גאנצעס שטרעבען נור פיר „אלטע מיידען״ אדער אויך פיר יונגע רייכע בחורים? — הא? —

שפרינצע (צו פרומען) — אי האסטו פרומע אמאן איין אפיקורס — וויא האסטו איהם דערטאפט דעם אנטיק (אינדעם טוהט זיא איהם אקלאפ אויף זיין קניע און ריקט זיך נעווענטער צו צין — איהם).

לודוויג — אב איך בין איין אנטיק אדער ניכט — זיא זינד געווים איין אנטיק — איינע פעשע אלטע! זאגען זיא מיר, מיינע ליעבע! פער־



טהיילען זיא ווירקליך דאס געלד אונטער ארמע אלטע? קעננען זיא מיר דאס איבערצייגען? —

שפרינצע — וואס זאגסטו צין איהם? (זיא ריקט זיך צו אויף זיין קניע) אקשיא צו איך גיב אוועק מיין געלד? דיא גאנצע שטאט ווייסט, אז איך גיב נאך מיינס אוועק! — איך בין ב״ה פארמעגליך — לאמיר עס ביידע פארמאגען וואס מיך האט געקאסט דאס רייניקהייט, וואס איך האב געגעבען אין שניידערשען שילבען — און אין דער גראסער שיהל דאס פרוכת פון מיין אייגענעם יידענעם פארטיך — היינט! דיא זילבערנע יד צו טייטען אין דער תורה? — צו וואס טוה איך עס? נאר פאר אמצוה — איך זאלל האבען א ליכטיגע שטיל אין גן עדן און גאטט זאל מיר מכפר זיין מיינע זינד! —

לודוויג — נא נא! זיא זינד דאך קיינע דומע פרוי — גלויבען זיא דען, דאס מיט דיעזע אללע ארטיקלען ווערדען זיא דען ליעבען הערר גאטט בעשטעכען אין איהרעם אלטער, פיר איהרע זינדע, וועלכע זיא אין איהרער יוגענד בעגאנגען? — נאך דעם איהרע שירצע געגוג צייגע ווער פאן איהרע זינדע, שענקטען זיא נאכהער דער שיהל אום איהרע זינדע צו זיגען — העטטען זיא ניכט אין איהרער יוגענד מיט איהר צערטליכער „יד״ יונגע לייטע געליעבקאזעט — ברויכטען זיא ניכט יעצט דאפיר איינע זילבערנע „יד״ צו שענקען, אלס אפפער פיר איהרע יוגענדזינדע?

שפרינצע — (הייבט זיך אויף ווערענד זיא טוהט איהם אקוועטש בייא דער קניע אז ער שפרינגט אזש אויף) געה! ס'איז גאר אסור צו רעדען מיט אזא איין אפיקורס! — פרומע! לאז דיך גאטט אויפרעכטען צום נייעם יאהר מיט איין ערהרליעבערין מאן, אמן (אב).

פרומע — און וועה איז מיינע אויערן ווי ...

לודוויג — דער טוהט נור דיא אהרען וועה — שפרינצען האט ניכט וועה געטהאן דער מונד אונד דיא הענדע צו קיססען אונד גלעטען יונגע לייטע אונד איהר טוהן וועה דיא אהרען! —

שפרינצע — אכשרה יורענע וועה איז מיר! —

לודוויג — בייא איהר איזט אללעס „כשר״ — ווארום פראנסט דוא ניכט נאך, וועגען דער אויפפיהרונג דער פערזאנען, וועלכען דוא יא פיעל געלד שפענדעסט — דוא הערסט דאך, מאן נענט זיא אין דער גאנצען שטאט „שפרינצע דיא גנעראלשטשע״ — איזט דאס ניכט דייטליך

גענוג דאס דיעזען צו נאמען האט זיא איינען גענטראלען צו פער־
דאנקען ? — אונ דיעזע איזט אויף דער עלטער איינע נאכטע געוואָרדען,
אונד דוא, דוייע נאנז, גיבסט נדבה דער כשרער ידענע — וועה דיינען
אהרען — יאה — אבער מיט וועהמען שפרעכע איך ? — שאדע נור
דיא צייט — נא — איך געה ליעבער שלאפען — גוטע נאכט!

פרומע — וויא טאר מען אזו רעדען וועה איז מיר! —

לודוויג — וואס ? — „גוטע נאכט" דארף מאן אויך ניט זאגען ? —

פרומע — וויא טאר גאר א זינדיגער מענש שלאפען, היינט איז זכור ברית —
מען דארף פארטיג מאכען דעם סטאטשיק וועה איז מיר! —

לודוויג (חאפט זיך אויף) וואַ־אַם — ווער איזט דען דער? דער סטאטשיק ? —
דאס איזט אנייער מארטער ארטיקעל ? — זכור ברית ? — איינע
נייע אינקוויזיציאָן — ווייסטו וואס ! — טוהע דיר וואס דוא ווילסט איך
געהע שלאפען (אונ וויא ער געהט צו צום פענסטער, וואס איבער דער סאפא,
דערלאנגט דער שמש פון דרויסען דרייא שטארקע קלעפ אין פענסטער — ער שפרינגט
צוריק מיט שרעק) טפא, וואס איזט דאס ? — וועלכער טייפעל ? —

פרומע — דאס וועקט דער שמש צו סליחות וועה איז מיר. עס איז שוין
צייט אויפצושטעהן —

לודוויג — וואן האבע איך מיך דען שלאפען געלעגט ? —

פרומע — איך האב יענץ חדר פארדינגען פאר ימים נוראים, אונ דאס
חדר האב איך פארדינגען פאר דיא ווייבער, וואַיל איך בין ווייער פיר־
זאגערען —

לודוויג — ע, ע, ע ! — היער פאנגט זיך אן אגאנץ נייער ספעקטאקעל, דיא
גאנצע נאכט קיינע רוהע ! — אך ! אך ! איך האבע העפטיגען קאפווועה
(ער נעהמט א טיכעל בינד זיך ארום דעם קאפ אונ לייגט זיך).

א יודענע — פרומע ! קום שוין קום, עס איז שוין צייט צו געהן אין שיל
אביין דיא ווייבער ווארטען אויף דיר דוא זאלסט זייא פירזאגען ! —

לודוויג — איינע פלאגע ! וועהע וועהע ! —

דיא יודענע — ווער קרעכצט עס דארט ? —

פרומע — מיינער איז עפים ניט מיט אללעמען —

יודענע — נא גיב זשע מיר אביסעל ארץ ישראל ערד וועל איך איהם
לעגען צו קאפינס פיר א רפואה (זיא גיט איהר א זעקיל מיט ערד — אונ
ווערענד דיא יודענע געהט צו צו לודוויגען — טוהט ער איהר א קלאפ איבער דער
האנד, דאס זעקיל ערד צושיט זיך איבער זיין קאפ — פרומע אונ דיא יודענע געהן
ארויס אונ שפייען אויס).



לודוויג (חאפט זיך אויף) ניין ! — איך האלט עס מעהר ניכט אויס ! — איך
מוס פארט — פארט פאן היער ? —

## פערוואנדלונג *)

בייא נאכט — איינע שטראססע — עס שטעלט פאר דער פאדערער טהייל —
פאסאד פון אשיל — אללע פענסטער זעננען בעלייכטעט פון אינוועינדיג —
מען הערט פון דער שיל זינגען אקאהר — ווען דאס קאהר ענדיגט — לויפט
ארייין פערצווייפעל פערוווירט).

לודוויג — הא ! אונד דאס איזט דיא זאנפטע רוהע, נאך וועלכער איך מיך
זא פיעל געזעהנט האבע ? — וועלכען טויש האבע איך דען געמאכט ? —
עס איזט פאסט אללעם איינס, נור מיט דיעזעם אונטערשיעד, דאסס
אין יענער ספערע פיהלטע איך מיך בעקוועהמער אונד צו דיעזעם
לעבען בין איך גאר ניכט געוועהנט ! — —ביידע זינד שען, פיין, יענע
זינגט ראמאנסען, דיעזע — תפילות, יענע עסט צו פיעל, דיעזע —
פאסטעט א תענית, יענע ברויכט דען דאקטאר, דיעזע — דען בעל שם;
יענע איזט פריינדליך מיט יעדען, דיעזע — שויט מיך אויך ניכט אן;
יענע האט מיך געליעבט אונד איך וואר צו איהר גלייכגילטיג; דיעזע
ליעבטע איך אונד זיא צייגט מיר איינע אונגעהיירע קעלטע — אלזא
וואס האבע איך איינגענטליך היער אויסגעטוישט ? — (מען זעהט איבער
דער שטראססע געהן פיל יודען צו סליחות — דער נאך — ווייבער אונ פרומע
צווישען זייא) וויא זיא געהט זא אנדעכטיג מיט דעם סדור — אה פרומע!
(ער וויל צולויפען אין חאפט זיך צוריק) אבער — ניין — זיא ווילל מיך ניכט
קעננען — זיא איזט ריין אונשולדיג אונד איך בין — דיא זינדע
זעלבסט — בעטטע דיר ווייטער ! דוא לעבסט פיר דיא צוקונפט —
איך — פיר דער געגענווארט — קיססע, קיססע דיר דיין סדור אונד
איך געהע דאהין, וואו מאן מיך קיססען ווערדעט. אה מאטילדא
טהייערע מאטילדא ! — איך לאססע מיך שאן פאן דיר ליעבקאזען
אונד קיססען, ניכט מעהר ווירד מיך דיינע געגענווארט לאנגווייליען —

*) אין אמעריקא   האב איך עס פערוואנדעלט אין איין אנדער בילד: אגעגענד
אונטער דער שטאט — א טייך. איבער דעם טייך א בריקעל — נעבען דער בריק א וואססער
מיהלע — ביים אויפגעהן דעם פאָרהאנגס, קוממט א־יין אחיתו:ל מיט א נעטץ אויף דיא
פלייצעם אין ווארפט זיא אריין אין טייך צו פאנגען דיא „חטאים" — דיא קליינע פראשע
שפרינגען ארויס אונ באהאלט דיא נעטץ,— דער אקט ענדעט. וויא דער עולם געהט
צו תשליך — אונ שטעהן אויף דער בריק.—

איך בין שאן ווידער מונטער — איך בעריי! — דער טייפעל האט
מיך הערהער געבראכט! —

אחיתופל — אונד דער טייפעל וועט דיך טראגען ווייטער (ער חאפט איהם ארום אין פערשווינדען אין דער ערד, מיט אפלאם פייער) —

## פערוואנדלונג:

(שטעללט פאר דאס אונגערע פון אשיל — אין 2 שטאק — אונטען דאווינען יודען אין אויבען אונטער דיא ארקען — אויף דער גאלעריע בעטען דיא וייבער אין דער מיט צווישען זייא זיטצט פרומע מיט אסידור).

דאס מענער קאהר אונטען — גאטט ווען פאר דיר יעצט האבין מיר ניט אצונד (ביז)

יאה קיין זכות געפינען (ביז) צו פערגעבען אללע אונזערע שווערע זינד,
געדענק זשע דעם זכות (3) פאן אונזערע אבות אבותינו געשווינד,

פרומע פון אויבען (זינגט) גאטט זייא מיר מוחל אצונד — פארגיב אונזערע זינד,

געדענק זשע דעם זכות (3) פון אבות אבותינו,
גאטט זייא מיר מוחל אצונד (זיא פאלט אין אהנמאכט).

מעננער קאהר פון הינטען — לאז זיין דארט שטיל (3) וואס איז דארט אזוינס געשעהן?

פרויען קאהר — זיא חלישט! } (4)
מענער — ווער חלישט? }

פרויען קאהר — ראטעוועט זיא יודען — זיא חלישט, זיא חלישט זיא איז פארביי — (אללע פרויען מאכען אויף פרומען — זיא ליגט אין אהנמאכט — אגערייש צווישען דיא מאננער). —

דער פארהאנג פאלט שנעלל



# 5. אקט

(שטעללט פאר איינע ארקע עהנליך צו איינער גראטטע (פעשטשערא) פון פערשיעדענע פערביגע צוגליהעטע שטיינער, מייסטענס רויטע — פון דיא שפאלטען פון דיא שטיינער קריכען ארויס, פערשיעדענע גיפטיגע שפינען, שלאנג, יאשטשערקעס אונ שקארפיאנען אויך סקעלעטען צווארפענע זעהט מען = אים אונטערגרונד זעהט מען איינע אונגעהייערע פערטיעפונג וויא איין קאלך אויבען, אין וועלכען עס ברענט איין אוממערוועהרענדעס פייער — דער גיהנם-שמש, אפעטע געזונטע פיגור, מיט ארויטער גרויסער בארד אונ פאיות מיט ארויטע יארמאלקע — אשווארץ לאבעל, נאר רויטע הויזען אונ שיך אונ זאקען, אין דער האנד האלט ער אגרויסען אייזערנעם גאפעל — ער שטעהט נעבען דעם אויבען אונ שארט דאס פייער — רוהט זיך אפ אונ זינגט):

.1

איך בין דער גיהנם שמש,
אגאנץ הייסער יונג,
אין מיינע דליד אמות,
איז איינצושטעהן ניט גרינג,
איך שאר אונ מאך דאס פייער,
אונ קאך אונ ברענן אונ באק;
מיין אנבייסען איז טהייער,
פרעגט דעם שטן, וויא געשמאק!
(רעפריין)

אונ איך זינג מיר צו,
אונ בראט אונ בריה,
אללע רשעים,
פאר דיא חטאים,
אונ דער הולטאי,
מאכט אגעשריי,
אונ קרימט זיך זעהער גוט:
אי, אי, אי, אי, אי, אי! —— סע בריהט!...

.2

דעם שטן היינט צום פרישטיק
פרעגיל איך אצונד,
אגאנץ וואלען ביפשטעק
הלעבען ער איז געזונד!
ער וועט איהם געווים אנזעטטען;
ווייל פלייש איז דא 10 פוד,
פון אגבאי אפעטען,
ביא אגיטען יוד. — אונ איך זינג
מיר צו. א. ז. וו.

.3

כ'האב בערעקעס אנגעשאבען,
רויטע — אין דער מינוט.
אבארשט וועט ער היינט האבען,
פון רשעים'ס בלוט! ...
דער בארשט וועט איהם דערקוויקען
ווייל איך האב אריינגעלייגט אליין,
פון אפראצענטניק'ס ריקען,
אפעטון מארך-ביין! — אונ איך זינג.
א. ז. וו.

.4

נישט לאנג האב איך דעם שטן,
אויפגעגעבען צום טיש,
אויף אשפיז געבראטען,
אהינדעלע אפריש! ...
ער אליין האט עס געטראפען,
ביא נאכט נעבען דער באהן ...
ווען ס'איז מיט איינעם ענטלאפען,
פון איהר געטרייען מאנן! אונ איך. א.ז.וו.

.5

חאטש כ'בין א גוטער קעבער,
נאר, וואס קען מען טוהן,
מ'איז אליין אמאל ניט וועבער,
אז ס'פאלט אריין א שפין: ...
וויא ס'האט זיך געמאכט אמאל,
אז ס'איז אריין אין דער יוך:
א פארשטעהער פון קהל,
מיט א דיקען בויך!... אונ איך זינג. א.ז.וו.

.6

פון אנטיסעמיטען,
שניידער איך ציגען אויס,
ער טוהט איין עס א גוטען,
אונ ברעכט צוריק ארויס! ...
פון בעם איז ער געשפרונגען:
„גוואלד ס'איז אומגעזינד!
אזויגע פוילע ציגען,
ווארפט מען פאר די הינד!" ...
אונ איך זינג. א.ז.וו.

.7

ער עסט פון גרויסע שריפות,
בראטינס איבעראלל,
פון חליערעס אונ פון מגפות,
מאכט ער זיך א באלל,
שארבינס קנאקט ער וויא ניסלעך,
פון טרערען טרינקט ער ווייין;
ער גיט מיר אויך צו ביסלעך,
איך זאלל ניט שכור זיין! אונ איך זינג.
א.ז.וו.

איך האב מיך דא פארזונגען אונ פארגעס, אז איך האב א גרויסע ארבייט. — ווען מיין בעל הבית, דער שטן זאלל זעהן וויא איך שפיעל מיך דא אזוי וואלט איך געחאפט א פסק — דאס איז אזוי! קיין יוד זאלל איהם נישט קענען! ער אליין, דער יצר הרע שטיפט אן יענעם מיט האניג אונ דער נאך מאכט ער איהם אליין אן א בויכוועהטיג. מיך האט ער געמאכט פאר א ממונה איבער די גלגולים, דאס הייסט; וואס פאר איין עבירה דער מענש האט געטוהן ביים לעבען ווערט ער, נאך דעם טויט, פערוואנדעלט אין אזא מין חיה, אונ געהט ארום אופן עולם התוהו — איך האב אסך אזויגע חיות אויב איהר האט צייט וועל איך אייך איינגע דא ציגען —

(ער שטעללט זיך אין א זייט אונ צייגט מיט דעם גאפיל אויף דער וואנד פון דעם אונטער-
גרונד — עס ערשיינט איין עזעל).

זעהט איהר דעם עזעל! די חיה האלט זיך אויף מייסטענס אין דער געגענד, וואס הייסט „בוקאווינא" — א קלייגער פונקט פון דריי לשונות: דייטש, פאלניש, רומעניש, אונ אזו וויא דער חיה פארטראגט ניט דעם קאפ צו די אללע דריי — ווייסט זיא פון גאר נישט. — אויף די בערג וואקסט „בילדונג" אונ אין די טאהלען „אבערגלויבע" אונ אזוי וויא די חיה ווייסט ניט וויהין פריר צו קריכען? — בלייבט זיא שטעהען אונ ווייסט גאר ניט. — זיא שטעהט נאר איהר גאנץ לעבען, טרעסעט מיט די לאנגע אויערען — עסט מאמעליגע מיט וויערמילך אונ צאהלט שטייערן — איין עזעל ביים לעבען איין עזעל נאכען טויט. —



(עס ערשיינט א חזיר אונ אויף איהם שטעהט א שווארצער ראבע).

זעהט איהר! די חיה האלט זיך אויף אין די קאלטע געגענדען פון רוססלאנד, דער פאר טראגט זיא דעם נאמען „פאניע חזיר" — ביים לעבען איז ער געוועז איין אנגעשטאפטער עושר, א קארגער גביר אונ דאך האט ער געלעבט שמוטציג — עססען עסט ער, וואס ס'קומט איהם אין מויל אריין א בי-קיין געלד זאלל ניט קאסטען — יעצט איז ער מגולגל אין א חזיר געווארין — א חזיר ביים לעבען א חזיר נאכען טויט.

(עס ערשיינט א הינט אויף א קייט).

זעהט איהר דעם הינט אויף דער קייט — דער איז ביים לעבען געוועזן א קריטיקער, ווער עס האט איהם געגעבען א פלעקען א ביינדיל ביי זיין טיש אונ איהם געווארפען געלד, האט ער געלעקט געטריי די האנד, אונ ווער עס האט דאס ניט געטוהן האט ער אויף דעם געהאווקעט אונ געביסען מיט זיינע שפיטציגע צעהן פון רכילות אונ מסירות — ער איז מגולגל געווארען אין א הינד, מע ווארפט איהם נאך שטיינער אונ מען גיט איהם שטעקענס — יעצט שטעהט ער אויף דער קייט אונ קען ניט בייסען — א הינט ביים לעבען א הינד נאכען טויט.

(עס ערשיינט א קאטץ).

זעהט איהר די קאטץ — דאס איז געוועזן ביים לעבען א פאלשע פרוי — איהר טבע איז געוועזן צו נאשען געלד. אונ פלעגט שטענדיג ראמאנסירען אופין בוידעם מיט דעם שכנ'ס קאטער אין די פינסטערע נעכט, אז קיינער זאל ניט זעהן — יעצט איז זיא מגולגל געווארען אין א קאטץ אונ קריכט אין די פינסטערע קעלערס אונ בוידעמער.

(עס ערשיינט א רויטע מענשען-פיגור בילייגט מיט פיאווקעס — די אונטערשטע העלפט שטעהט אין פלאממען).

זעהט איהר די רויטע חיה? — די האלט זיך אויף מייסטענס אין א פאהר שטעטליך פון גאליציען — די פלעגט עססין מענשענפלייש אונ טרינקען מענשענבלוט — דאס איז געוועזן ביים לעבען א פראצענטניק — יעצט ברענט מען איהם אונ פיאווקעס זויגען זיין לייב — א פיאווקע ביים לעבען א פיאווקע נאכען טויט. —

(עס ערשיינט א פרוי ארומגעוויקעלט מיט א שלאנג, אונ דער פיסקט פון דער שלאנג ליגט אין מויל פון דער פרוי).

הא, הא! מאדאם קלאפערשלאנג! אזוי הייסט זיא ביי אונז אין גיהנם, אין דער וועלט האט מען זיא גערופען מיט פערשיעדענע נעהמען: אשה רע — קליפה, רכילותניצע, גנבטע, מכשיפה, גבאעטע, שכורטע, יאשטשערקע — מיט איהר מויל פלעג זיא רעדען נבול פה, פלעג שעלטען אונ זידלען, מיט

אִיהְר גִיפְּטִיגֶע צוּנְג פְלֶעגְט וִיא יֶעדֶען בֶּעלַיידִיגֶען אוּנ אָנְפִיהְרֶען פְּלִיאָטְקֶעס, יֶעצְט דְרֶעהְט זִיךְ אַשְׁלַאנְג אַרוּם אִיהְר לַייבּ אוּנ שְׁטֶעכְט וִיא מִיט אִיהְר גֶעפֶעהְרְלִיכֶען גִיפְט — אַשְׁלַאנְג בַּיים לֶעבֶּען אַשְׁלַאנְג נָאכֶען טוֹיט —

(מען הערט פערשיעדענע קולות, א געשרייא א געפילדער *) — מוזיק שפיעל א טייפעל טאנץ — עס טאנצען אריין פיעלע טייפלען — מיט אייזערנע ריטטער אין דיא האַנד — נאך זייא ריקען זיך אריין סקעללעטען מיט קאָסעס אין דיא האַנד — אללע טאנצען — אין מיטטען טהוט דער גיהנם שמש אגעשרייא — דער שטן קוממט! אללע שטעללען זיך אוים שטיל).

**אחיתופל** — (ערשיינט מיט ארויטען מאנטעל — אגרויסע שווערד אין דער האנד — אופין קאָפּ א קראָנע, וואס ברענט א פלאם פייער).

(ער זינגט) דֶער שְׁטַארְקֶער זִיעֶגֶער — גֶעלֶערְנְטֶער קְלִיעֶגֶער,

מַאכְט זִיךְ מִיט זַיין חָכְמָה גְרוֹים,

פוּן זַיין כֹּחַ — זַיין קְלוּגֶען מוֹחַ,

מַאךְ אִיךְ אַתֵּל אוּנ לַאךְ מִיךְ אוֹים,

קְלִינְג! — חַחַחַחַ — זִיעְג! — חַחַחַחַ! אַפְּלִינְג! — חַחַחַחַ — גֶענוּג! חַחַחַחַ,
(קאהר ווידערהאָלט)

צוּ דֶעם רַייכֶען — וֶוער קֶען זִיךְ גְלַייכֶען,

עֶר מַאכְט זִיךְ מִיט זַיין רַייכְקַייט גְרוֹים,

פוּן זַיינֶע פְלֶעטְצֶע — דִיא אִירְדִישֶׁע שַׁאטְצֶע,

מַאךְ אִיךְ אַתֵּל אוּנ לַאךְ מִיךְ אוֹים! —

אֵיין מַאךְ! חַחַ, וֶוערְט גְלַייךְ! חַחַ — פוּן רַייךְ! חַחַ, אַטַייךְ! חַחַחַחַ,
(קאהר ווידערהאלט).

**אחיתופל** (בלייבט שטעהן צום גיהנם שמש) — נָא? ... הָאסְטוּ מִיר נָאךְ עֶפִּיס צוּ רַאפָּארְטִירֶען? — גִיךְ, עֶס וֶוערְט שְׁפֶּעהְט, דֶער הָאהְן וֶועט בַּאלְד קְרֶעהֶען! —

**דער ג"ש** — גְרוֹיסֶע מַאיסְטֶעטִישֶׁע פִינְסְטֶערְנִים! — אַלָאוּשִׁישֶׁען דָאקְטָאר פוּן אַמֶעריקַא הָאט אַייךְ גֶעשִׁיקְט אַפְּרֶעזֶענְט עֶטְלִיכֶע וֶועגֶען מִיט גַאנְץ פְרִישֶׁע, פֶעטֶע שֶׁענֶע אָפְּפֶער — וָואס עֶנְטְפֶערְט מֶען אִיהְם?

**אחיתופל** — שִׁיק אִיהְם פוּן מִיר אַדַאנְק!

**דער ג"ש** — עֶס זָאלל מִיר פֶערְצַייהֶען דַיין גְרוֹיסֶע פִינְסְטֶערְנִים! אִיךְ רֶעכֶען, אַז עֶר הָאט פִיעל מֶעהְר פֶערְדִינְט וִויא אַדַאנְק — וַוייל עֶר הָאט דַוְקָא נִיט פִיעל שְׁטוּדִירְט — עֶר אִיז נִישְׁט לַאנְג גֶעוֶועזֶען אֵיין אָפְּרַאטֶער אוֹיךְ אַצִיגַארֶענְמַאכֶער אוּנ גָאר אִין אַקוּרְצֶער צַייט הָאט

---

*) דיא קולות זינגען: לאז שוין זיין געננג (בים) מיר זענגען זיך מודה, מודה אצינד, לאז שוין זיין גענוג (בים גענוג שוין אפגעקוממען פאר דיא זינד,

שטיל דוא רשע — יאָה נישט קשה,

ציטטער ציטטער — פאר דיא ריטטער — אי אַי אַי! ...



עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט אַזוֹי גוּט דִיא מְלָאכָה עֶקְסְפֶּעדִירֶען גִיוּנְגֶע קִינְדֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט.

**אחיתופל** — נָא גִיבּ אִיהְם דֶעם רַייכֶען שִׁיסְטֶערְם טָאכְטֶער פַאר אַווייבּ מִיט אַהוֹיז מִיטְגִיפְּט! — — וַוייטֶער! —

**דער ג"ש** — אַגְרוֹיסֶער פַאבְּרִיקַאנְט הוֹיטְשִׁינְדֶער בֶּעט אֵיינֶע בֶּעלָאהְנוּנְג — עֶר הָאט אַייךְ גֶעשִׁיקְט אַפְּרֶעזֶענְט אַמַאססֶע אַרְבַּייטֶער אוּנ אַרְבַּייטֶערִינֶען.—

**אחיתופל** — אַבְּלָאהְנוּנְג? — אַשְׁטְרַאפֶע קוּמְט אִיהְם נָאךְ אַגְרוֹיסֶע! — דֶער דָאקְטָאר הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט פְרִישֶׁע, פֶעטֶע, שֶׁענֶע אָפְּפֶער אוּנ דִיא קַאנַאלְיֶע הָאט פְרִיר אַלַיין פוּן זַיינֶע מֶענְשֶׁען אָפְּגֶעשִׁינְדֶען דִיא הוֹיט אוֹיסְגֶעזוֹיגֶען דֶעם מַארְךְ פוּן זַייעֶרֶע בֵּיינֶער, גֶעמַאכְט זַייא פַאר קַאלִיקֶעס — יֶעצְט וַוארְפְט עֶר מִיר אִין פָּנִים אוֹיסְגֶעדַארְטֶע, פַארְמִיטְשִׁיטֶע מִיט אָפְּגֶערִיסֶענֶע הֶענְד אָפְּפֶער? — ווִיקֶעל אִיהְם אַרוּם מִיט אַשְׁלַאנְג אִין שְׁטֶעלְל אִיהְם אוֹיף גֶעגְלִיהְעטֶע קוֹילֶען — וַוייטֶער! —

(מען הערט א ליארם פון א פרוי).

**דער ג"ש** — אִיךְ בֶּעט דִיךְ גְרוֹיסֶער הֶערְשֶׁער דֶער פִינְסְטֶערְנִים! לָאמִיר אֵיין מָאל פַאר אַללֶע מָאל עֶקְסְפֶּעדִירֶען דָאס שְׁלַאק, עֶס אִיז גָאר נִיט אוֹיסְצוּשְׁטֶעהְן פוּן אִיהְר אִין גֵיהִנֹּם —

**אחיתופ** —לָאז זִיא אַרַיין קוּמֶען! —

**שפרינצא** (לויפט אריין מיט א געשרייא) — וָואס אִיז דָאס פַאר יוֹשֶׁר? — מִיךְ קוּמְט נָאךְ צוּ שְׁמַייסֶען? — אַזוֹי פִיעל מִצְוֹת הָאבּ אִיךְ גֶעטוּהְן אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט: גֶעוֶוען אַגַבַּאטֶע, חַתּוּנָה גֶעמַאכְט אָרְמֶע אַלְטֶע מֵיידֶען גֶעגֶעבֶּען אַפָּרוֹכֶת אִין שִׁיל אַרַיין פוּן מַיין זַיידֶען פַארְטֶעךְ, אוּנ נָאךְ אוּנ נָאךְ קוּמְט מִיךְ נָאךְ צוּ בַּאשְׁטְרָאפֶען — אִיז דָאס אַיוֹשֶׁר הַא?

**דער ג"ש** (שטילל צין איהר) שַׁא, שַׁא, שְׁרַייא נִיט אַזוֹי — דוּא זֶעהְסְט דָאךְ וֶוער עֶס שְׁטֶעהְט פַאר דִיר!

**שפרינצע** (מיט א געשרייא) נָא? וָואס זְשֶׁע הָאבּ אִיךְ מוֹרָא פַאר אִיהְם? פֶעלְט אַייךְ אַבִּיסֶעל דָאס גְרוֹיסְקַייט מַיין מַאן אִיז אַפְּרֶעזִידֶענְט אִין אַלָאדְזְשׁ, הָאבֶּען מִיר אוֹיךְ אוּנְזֶער אֵייגֶענֶעם טוּיטְוָואגֶען אוּנְזֶער אֵייגֶענֶעם בֵּית הַקְבָרוֹת אוּנְזֶער אֵייגֶענֶעם מַלְאַךְ הַמָּוֶת — — (דער גיהנם שמש טוהט איהר א קיטצעל) גֶעהּ! צִין אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהְר! וָואס קְנַאפְּסְטוּ! דִיא אָרְפָּאַן! —

**אחיתופל** — לָאז זִיא צוּרִיה! מִיט וֶועהְמֶען הֵייבְּסְטוּ אָן! —

**שפרינצע** — מיינע זכות אבות ! מיינע זכות אבות וויל איך זאללט איהר מיר דא ארויסרופען ! לאזען זייא אללע עדות זאגען פון מיך פרומקהייט ! — נא דיר אגיהנם־שמש מיט א גיהנם אויף מיין קאפ ! —

**אחיתופל** — ברענגט איהר אריין איהרע זכות אבות — איהר וועט פון איהר היינט ניט פטור ווערען.— (מען ברענגט אריין א לאנגע הויכע פיגור איבערגעדעקט מיט אזיידענעם פארהאנג געשטיקט מיט גאלד).

**שפרינצע** — אט האט איהר אונ זעהט ! — ווען איך ווייס פריה, אז מען וועט מיך באשטראפען דערפאר וואלט איך מיך נישט געוועזען אויס־געבראכט אזוי פיעל, אויף אהדם אונ סטאשטשיק, פרוכת אונ נאך זאכען.—

**אחיתופל** — נעהמט אראפ דעם פארהאנג אונ דעקט אויף איהרע זכות אבות— (דער גיהנם שמש נעמט אראפ פון דער פיגור דעם פארהאנג — עס בלייבט שטעהן ארוססישער אלטער גענעראל מיט עפאליעטען — אונ דרעהט זיך דיא וואנסעס — ער דערזעהט שפרינצען אונ לויפט צין איהר מיט א פריידע) —
נא וואס מאכסטו מאטישקא ! — (שפרינצע שטיפ איהם אוועק פארשעהמט) : סטאפאי קטשארטא ! (אללע — צו לאכען זיך) —

**דער ג״ש** — וואס זאגט איהר צו דעם סטאטשעק ?

**אחיתופל** — פיהרט זיא ארויס ! מיט איהר וועלען מיר זיך שפעטער אפ רעבענען (דער גענעראל לעגט איהר פאר זיין ארם העפפליך — זיא טוהט איהם א שטיפ פון זיך (ביידע אב) — ווייטער —

**דער ג״ש** — וואס טוהט מען מיט דיא צוייא פארשוינען דער חסיד מיט דעם דייטש ! —

**אחיתופל** — אך, יאה ברענג זייא אריין (ער געהט זייא ברענגין) זייא וויל איך דאס מאל בעגנאדיגען, ווייל זייא האבען שוין געהאט זייער גיהנם אויף יענער וועלט — איך האב נאר געוואלט אויספיהרען דיא וועטטע געגען יצר טוב, אונ איהם בעווייזען אז מיינע מאכט איז שטארקער אויף דעם מענשין.— (אינדעם פיהרט אריין דער גיהנם שמש לודוויגען מיט פרצ׳ן וויערע האנד געשלאססען אין קייטען אונ צו געבונדען איינער צום אנדערן אונטען ארים — אזוי, אז זייא קעננען זיך ביידע ניט זעהן).

**לודוויג** — אה אונגליק ! אה אונגליק ! אה וועה !

**פרץ** — העד מיר דארטען שוין אויף צו וועהקען דוא דייטש — עס איז מיר אזוי אויך נישט גוט אויף דעם הארצען —

**לודוויג** — שווייג, דוא דומער קערל :



**פרץ** — שווייג ! דוא געבראטענער יאדער ! ער מיינט ער איז דא אמיוחם — מען וועט דיר דא אויך קאראבאשען דיא ביינער.

**לודוויג** — האללע דיך דער קוקוק ! —

**פרץ** — הא דער קוקוק ! — טאקי פון דעם קוקוק קומען דאך ארויס אללע אומגליקען — הלוואי וואלט איך זיא ניט געוועזען געקענט דיא ווייסטע קוקוקטע, וואלסטו מיר פארשפארט יעצט צו קראטצען דיא פלייצעם —

**דער גיהנם שמש** — שטיל זאלל דיר זיין דוא חזיאק ! עס האט זיך דיר פארגליסט אדייטש קרענווירסטעל מיט שארפען חריין, ס׳איז דיר גוט פארגאנגען אין דער נאז אריין ? — נא ? אונ דוא, יערגאטש ! האסט זיך גוט אפ געבריהט מיט דעם חסידישען הייסען קוגעל ? — הא ? עס וועט זיך אייך גליסטען פרעמדם ? —

**אחיתופל** — (צו לודוויגען) נא, הערר לודוויג ! זיא האבען איהר געגעבענעם ווארט אונד האנדשלאק געבראכען ! —

**לודוויג** — גראססער הערשער דערפינסטערניס ! — איך געשטעהע איהנען דיא וואהרהייט : איך האבע געגלויבט איך ווערדע זיא קעננען לייטען נאך מיינעם וואונש, נאך מיינער לעבענסווייזע — אבער זיא האט מיך זא געמארטערט מיט איהרע פרעמיגקהייט איך קענטע ג״ט לענגער ניכט אויסהאלטען — זיא האט מיר אונשולדיג מיין לעבען פערגיפטעט — פערצייהען זיא מיר דיעזעס מאל אונד געבען זיא מיר צוריק מיינע מאטילדא —

**אחיתופל** — איך פערצייהע שאן — אבער מאטילדא, איסט ניכט מעהר בייא מיר, זיא איסט בייא דיינען פריינדען —

**לודוויג** — בייא מיינען פריינדען ? וויא הייסט ער ? קען איך איהם זעהן —

**אחיתופל** — וועסט איהם האבען ! וועסט איהם זעהען ! — (אויף אחיתופל׳ס וווינק — דרעהט דער ג״ש אויס צין איהם מיטען פנים).

**פרץ** — איך בעט אייך לאנגער, גוטער, שלעכטער, רויטער, שווארצער, זייט מיר מוחל דאס היינטיגע מאל ! —

**אחיתופל** — דוא האסט מיר דיא האנד געגעבען זאלסט קיין חרטה האבען אונ דוא האסט געבראכען דיין תקיעת כף.

**פרץ** — (מיט אגמרא נגון) איך וועל אייך זאגען דעם אמת : ס׳איז געוועזען אין גאנצען א מקח טעות — איך האב זיא געוואלט נעמען בתנאי, זיא זאלל טאקע זיין וויא מיין ווייב נאר אביסעלע דאסיגער ... פארשטעהט איהר מיך, ס׳הייסט, וועלטליכער ; נאר ווען איהר זאגט מיר פריי־

אז זיא האט א קרענק, וואס זיא ווארפט מיט הענט, אונ האט א דאקטאר־
זשעבראק מיט געסט, מיט א פויגעל, מיט א הונדיא, אונ לויפט אופין
טראסקענבאל אונ מיך וויל זיא גאר ניט אנקוקען אונ רעט אזוי טיעף
דייטש, אז איך אליין קען שוין אזש ניט פארשטעהן, וואלט איהם ניט
געוועזן געטוהן לכתחלה — גיין! — איבער א שפיטץ פינגערל איז גאר ניט
כדי צו האבען אזוי פיעל יסורים — איך בעט אייך, שענקט מיר
היינטיגם מאהל אונ גיט מיר צוריק מיין פרומען.—

אחיתופל — איך שענק דיר שוין דאס מאל: נאר דיין פרומע איז שוי־ נישט מעהר בייא מיר, זיא איז בייא דיין פריינד.

פרץ — בייא מיין פריינד? וויא הייסט ער, קען איך איהם זעהן? —

אחיתופל — וועסט איהם האבען, וועסט איהם זעהן (פערוואנדלונג) (דער האהן טוהט א קרעה! אין דעם מאמענט ווערט אחיתופל מיט דיא טייפלען פערשווינדען — דערפארהאנג פונים ערשטען אקט, וואס שטעלט פאר דעם הימעל לאזט זיך אראפ אונ פארדעקט דעם גהינם — פון דער זייט פארהאנג בלייבען שטעהן).

פרץ מיט לודוויגען (אויפגעבונדען — זייא קוקען זיך ארום — וויא זעננען זייא ערגיץ? — יעדער זוכט אין זיין זייט ביז, ענדליך, זוכענדיג שלאגען זייא זיך ביידע אן — זייא בעטראכטען זיך איינינגע סעקונדען שטוינענד).

פרץ — קוק אן, קוק אן! מיר דאכט זיך לודוויג?

לודוויג — שוי! איך גלויבע דאס איסט פרץ — דוא ביסט עס?

פרץ — דאכט מיר אז איך בין עס, אבער נישט אין גאנצען: ווייל א האלבער פרץ איז בייא דיר! וויא קומט צו דיר מיין קאפאטע אונ מיין יארמאלקע? —

לודוויג — וואה קומט צו דיר מיין פראק אונד מיין הוט? — דוא דוממער קערל! דוא קאממסט צו מיר אין'ם הויז אלס פריינד אונד פערפיהרסט מיינע פרוי! ...

פרץ — ער איז נאך גירעכט — דוא געבראטענער יאדער! קומסט צו מיר אין שטיב וויא א פריינד אונ פארפיהרסט מיין פרויעטע?

לודוויג — גיב מיר מיין מאטילדא צוריק, איך ערמארדע דיך!

פרץ — גיב מיר אפ מיין פרומע איך דערהרגע דיך! (זייא וויללען זיך אנפאנגען צו שלאגען = פרץ לויפט אוועק פאר מורא אונ קעהרט זיך אום) שטעה שטעה דוא דייטש! הער מיך אוים: מיט בייזען וועלען מיר גאר ניט מאכען — לאמיר נאר בארעכענען: — דוא וועסט מיך, וויא דוא זאגסט דער מארדעווען, ס'הייסט דערהרגנ'ן — נא? אונ אז איך וועל דערהרגנ'ט ווערען, וועל איך דיר דען שווייגען? — וועל איך דיך מן הסתם אויך



זעהן, וויא ווייט מעגליך, צו דערמארדעווען, ס'הייסט: דערהרגנ'ן! — וואס זשע וועט אונז דא ארויסקוממען? — לאמיר בעססער מאכען א פשרה: ראשית, בין איך דיר מודה, אז איך בין נאר אין דער גאנצער געשעכטע ניט שולדיג — ... עפים דער יצר הרע האט מיך צין אלדע שווארצע יאהר אנגערעט.—

לודוויג — איך האבע אויך אייגענטליך קיינע שולד — איך ווייס ניכט וועלכער טייפעל האט מיך ...

פרץ — צו טאוועל, צו שטן, וויא אזוי ס'הייסט שוין דארט, לע"ע האבען מיר געהאפט דעם פסק — א מצוה אויף אונז האבען מיר זיך געוואלט פריר ארומקוקען — אבער איינם צום אנדערען קענען מיר ניט האבען.

לודוויג — ווירקליך וויר זינד קוויטט! —

פרץ — שטעה, שטעה דייטש איך קוויטעווע מיך ניט ביז דוא וועסט מיר אפגיבען ראשית, צוריק מיין יארמאלקע מיט דער קאפאטע — פארשטעהסטו מיך! איך האב גאנצע פאלעס, אונ דיר, נא דיר אפ דיינע האלבע פאלעס מיט דעם קאפעלאש (זייא וועקסלין איבער דיא קאסטימע).

לודוויג — זא געהט עס אין דער וועלט מאן ווירד פערפיהרט, ערנאך בערייד'עט מאן — (ער זינגט).

א מיידעלע א פרומס, א פיינס, שען — קיין עין הרע,
האט א מאנן גענומען,
ווייל זיא האט באקוממען,
צון איהם יצר הרע! ...

פרץ — ער האט זיך מיט חנופהלעך צון איהר צוגעשארט,
אונ זיא האט ניט נאכגעפרעגט, ווער ער איז געוועזן! ...
אונ אז זיא האט זיך אונ דעם שאלטיק גוט אפגענארט,
האט זיא, געביך, גאנץ שפעט ערשט ארויסגעזעהן! —

ביידע — וואס האט זיא געזעהן (3) — יאה?
(זייא צייגען זינגענד א מימיק פון קארטען שפילען אין שכורן).
אוי א מצוה (3) אויף איהר!
האט זיא געוואלט זיך ארומקוקען פריר! —

פרץ — א סוהרטע, איין אלמנה א רייבע, שען קיין עין הרע,
האט דאך גאר באקוממען,
צון איהר קאססיר דעם פרוממען,
שטארקין יצר הרע! ...

לודוויג — ער האט זיך מיט חנופה צון איהר צוגעשארט.—
אונ זיא האט אללעס איהם געטרויעט, גלייך וויא זיך אליין! —
אונ אז זיא האט זיך אין דעם פרומען גוט אפגענארט,
האט זיא, געביך גאנץ שפעט ערשט ארויסגעזעהן.—

ביידע — וואס האט זיא געזעהן (3) יאה?

פרי׳ן — (פראזא) וואס זיא האט געזעהן? אז אין אקורצער צייט איז ער געווארען דער גביר אונ זיא האט בעדארפט לעבען פון קצבה — ערשט דאמאלס, האט זיא זיך ארומגעקוקט, אז איהר פרומער קאססיר האט איהרע געשעפטען אזוי געפיהרט:

ביידע (צייגען זינגענד דיא מימיק פון גנבהנין).
אוי אמצוה (3) אויף איהר,
האט זיא געוואלט זיך ארומקוקען פריר! —

3.

לודוויג — איונגער מאן בלוט אין מילך שען קיין עין הרע
האט א ווייב גענוממען,
ווייל ער האט באקוממען,
צון איהר יצר הרע! —

פרי׳ן — ער האט זיך מיט חנופהלעך צון איהר צוגעשארט,
אונ ער האט ניט נאכגעפרעגט, ווער זיא איז געוועזן;
אונ אז ער האט זיך אין דער כלבטע גיט אפגענארט,
האט ער געביך גאנץ שפעט ערשט ארויסגעזעהן.

ביידע — וואס זשע האט ער געזעהן (3) יאה?

לודוויג — (שטעלל דיר פאר, ווען מאן זיהעט איונגעס שענעס פרויענצימער, מיט וייסע פערלענצעהנע, ראזא וואנגען אונד בעמערקט שפעטער איין אלטעס צייג, איהרע צעהנע זינד פרעמדע, זיא איזט פעש פאן וואטטא — אונד דאס פרישע געזיכט מאכט זיא מיט).

ביידע (צייגען א מימיק פון פארערן זיך) אוי אמצוה א.ז.וו.

פרי׳ן — ממילא אללעס איז רעכט — נאר וויא איז דיא פלוניתטע? — גלייב מיר, לודוויג! איך זאלל אזוי ריין זיין פון אומגליק וויא ריין איך בין, אז איך האב מיך צון איהר ניט צוגעריהרט אפילו, אויסער אשפיטק פינגעריל האט זיא מיר אמאל געגעבען אונ ווייטער — איז זיא אוועק אויף אטראסקענבאל אונ איך וויים ניט וויא זיא איז היגעקוממען! — וויא האסטו ערגיץ היגעטוהן מיין פלוניתטע? —

לודוויג — איך האבע זיא אויך ניכט בעריהרט, זיא האט אימעררוועהרענד געבעטעט אונד איזט פארט אין שיהל אונד איזט דארט געבליבען! —



פרי׳ן — אבער וויא קען זיא זיין?
לודוויג וואה קאן זיא זיין? —

## פערוואנדלונג.

(דער היממעל-פארהאנג געהט אויף — דאס בילד שטעללט פאר דעם גן-עדן: איינע ארקע פון רייצענדע בלוממען אונ ביימער מיט גאלדענע פריכטע, בילדען דעם פאדערגרונד — פערנער ליגען 7 טרעפ — אויף דיא טרעפ, לינקס פון צווייער זייטען אויסגעזעטצט קינדער מיט וויסע קאפאטקעלעך מיט גאלד בעברייט — אויף דיא קאפלעך רונדע וויסע יארמאלקים מיט גאלדשעך בעברייט — אללע האלטען אין דיא האנד פערביגע וואקסענע ליכטליך ברענענדע — רעכט׳ס אויף אללע טרעפ ליגען פרויענענגלען — אויף דער לעטצטער אייבערשטער טרעפ פליעסט אזילבערטייך — אונטער ארעגענבויגען-ארקע אין דער טיעף זיטצט דער יצר טוב אומרינגט מיט ענגלען — איבער זיין קאפ דיא אויפגעהענדע זאננע מיט ליכטיגע שטראהלען).

דער יצר טוב — אייערע פרויען זעננען ביי מיר! אין גן עדן! זייא האבען זיך שווערער געלאזט איבעררעדען וויא איהר! — איך בין דער יצר טוב! ביי דיר, לודוויג, בין איך געוועזן אין געשטאלט אלס טיראלער זעננער אונ ביי דיר פרי׳ן, בין איך געוועזן אין געשטאלט פון פריעדעל דער משרת — איך האב אייך געפריוט פארהיטען פון דעם יצר הרע איהר האט מיך אבער ניט געוואלט פאלגען, איז אייך אויסגעגאנגען אזא סוף! — איך וועל אייך אייערע פרויען צוריקגעבען, נאר איהר מוזט מיר צו שווערען ביים צעהנטען געבאט „לא תחמד״, אז קיין פרעמדס זאלל זיך אייך מעהר נישט גליסטען! — (אללע ענגלען זינגען).

דא איז אייביג גוט (בים).
דא זינגט מען נאר (בים) שבחים צון איהם!
דארט שטעהט דער ישר מלא חן,
אונ געהט אטענצעלע איין אליין...
אונ דער רחמים זינגט איהם צו,
אשענע טרויערדיגע זיסע מעלאדיע!...

(דער יצר טוב טוהט אווינק מיט זיין שטערען וואס ער האלט אין דער האנד — מען הערט אונטער דיא קוליסען דיא שטיממע פון פרוממען, זיא זינגט איהר סאלא, וואס זיא האט געזונגען אין שיהל = זיא ערשיינט אויף דעם אייבערשטען טרעפיל — (וויא קינדער מיט דיא ליכטליך — עמפפאנגען זיא פון ביידע זייטען אונ פיהרען זיא אראפ פון דיא טרעפ צו פרי׳ן — וועלכער טאנצט פאר שמחה, וואס האט זיא דערזעהן) וועהרענד דער גאנצער סצענע זינגען דיא ענגלען ווייטער).

אויך דער צדק זינגט,
מיט דיא טאצען קלינגט,
אשענעם שבח (בים) צון איהם! —

און „שלום" דער אלטער וואלער גוטער ברודער,
האפט דיא האנד אן ביא דער שוועסטער: „דיא גנאדע"
און דרעהען זיך ביידע אין איינעם אין קאהן! —
און אויך דיא „צדקה" — דאס שענע קינד,
טאנצט און ווערט ניט מיד!
און עפפענט דאס שענע מיילעכען אצונד,
און זינגט איהם אויך אליער! —
דיא טאנצען אללע פאר דער שכינה פאר דער לעכטיגער
און זינגען אללע אויך אשענעם שיר:
גרוים ביסטו שטארקער בורא, גאטט אללמעכטיגער!
גרעססערס איז דאך גאר נישטא פון דיר! —
(דער יצר טוב גיבט ווידער א סיגנאל מען זאלל ארייגפיהרען מאטילדען).
(אנדערע ענגלען זינגען) דא אין הימעל הערשט (ביס) פריעדען! אה (ביס).
דא זינגט מען נאר א שבח, זינגט מען נאר א שבח א שבח צין איהם! —
דא לעבען עביג דיא נשמהלעך,
בליהען עביג אללע בלומעלעך,
דא לעבען עביג דיא נשמהלעך,
און שפיעלען זיך מיט גאטט —
און זינגען און געבען א שבח צון איהם! — (מען הערט מאטילדעס שטיממע זיא זינגט דאס דועט פאם ערשטען אקט — „יאה איך בין דיר טריא"! א. ז. וו. — אין דעם מאמענט ערשיינט אין דעם זילבערנעם טייכעל א ווייסער שוואן (לעבער) געפיהרט פון איין ענגעל, אנגעשפאנט און א גרויסער מאשעל, אין וועלכער עס זיטצט „מאטילדא" — אין מיטען דער ארקע בלייבט דאס שיפעל שטעהן — צווייא ענגלען עמפפאנגען מאטילדען, פיהרען זיא אראפ פון דיא טרעפ גלייך צו לודוויגען, וועלכער שטעהט ליגקס פון דיא צושויער — וועהרענד דיא ענגלען ענדיגען דיא לעצטע שורה פון דעם געזאנג — ערשיינט אין דער לופט, מיט פייערדיגע גלענצענדע בוכשטאבען דיא ווערטער „לא תחמוד!" — אללע קוקען אויף דעם אין זינגען — פינאלל).

## דער פארהאנג פאלט לאנגזאם.

## ענדע.

---

A. GOLDFADEN'S

# DRAMATISCHE WERKE

# DAS X. GEBOT.



KRAKAU.
DRUCK-UND VERLAG VON JOSEF FISCHER.
1898.